י. ח. בילעצקי

# מיינע ווייסע טויבן

י. ח. בילעצקי
(תל־אביב)

# מײַנע װײַסע טױבן

(לידער)



אַרױסגעגעבן פֿון קאָברינער קאָמיטעט
בוענאָס־אײַרעס 1962

# אינהאַלט

## „ווי דאָס קוועלן פון אַ קוואַל"

### (אַ במקום הקדמה צו י. ח. בילעצקיס „מיינע ווייַסע טויבן")

דער פּאָליעשוק ישראל־חיים בילעצקי, וואָס איז געבוירן געוואָרן סוף יאָר 1914 אין קאָברין, האָט געענדיקט די תרבות־גימנאַזיע אין פּרוזשאַנע; קיין ארץ־ישראל איז ער געקומען אין 1934, ווען ער איז אַלט געווען קנאַפּע 20 יאָר, ער איז דאָרט אַרייַן אין אַ סביבה פון השומר הצעיר, ווו ייִדישקייט האָט אירע צוויי יסודות אין לאַנד און שפּראַך און די קנאותדיקייט פאַר העברעיִש ווערט צום שטרענגסטן אָפּגעהיט. איז ער, דער מחבר פון אָט דעם בוך לידער, דער באַשאַפער פון די „ווייסע טויבן", דורכגעווייקט מיט העברעיִש און העברעיִשקייט, דאָך שרייבט ער עד היום שירים אין ייִדיש און די ערשטע צייט פון זיין שאַפן האָט ער געשריבן כמעט בלויז ייִדיש און זיינע שירים האָט איבערגעזעצט אויף העברעיִש אבגדור גרינשפּאַן. היינט שרייבט י. ח. ב. (ער האָט די זעלביקע איניציאַלן, וואָס יוסף־חיים ברענער) אַליין עברית, אָבער ער גיט שוין אַרויס דאָס זעקסטע בוך לידער אין ייִדיש; די ערשטע צוויי ביכער שירים האָט ער אַרויסגעגעבן אין יאָר 1937, א"נ „פאַר זיך" און „אומרו", אין 1938 דערשיינט זיין בוך „שוועלן" (אַרויסגעגעבן פון ייִדישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־קלוב אין תל־אָביב), אין 1944 — דאָס בוך „ווייי אין גלויבן" און אין 1948 — „ייִדישע ווערטער". די אַלע פינף ביכער דערשינען אין ארץ־ישראל און בלויז דאָס זעקסטע בוך, „ווייסע טויבן" דערשייַנט איצטער אין חוץ לארץ, אָבער די לידער גופא זייַנען — הורתם ולידתם בארץ.

י. ח. ב. שרייַבט ייִדיש נישט מתוך חובה, ער האַלט נישט חלילה, אַז מען מוז שאַפן נאָר אויף ייִדיש, נאָר ער טוט דאָס מתוך אהבה. עס שאַפט זיך ביי אים אין ייִדיש, עס זינגט זיך ביי אים אין אָט דעם לשון. אין דעם

ליד „דער נאָטן־שרײַבער פון מײַנע לידער“ (געדרוקט אין אָט דעם בוך, זײַט 70) דערציילט ער, אַז אַלע זיינע לידער זוכן זייער ניגון און דעם אויפשרייבער פון נאָטן, קומט אַ ווינט און באַט זיך אָן צו שרייבן די נאָטן, קומט אַ כמאַרע, קומט אַ רעגנדל און עס קומט דער באַראַן מיט די הערנער פון יצחקס עקדה, קומט אַ ייִד פון יענער וועלט, „אויף טויטע גופים גייט ער, מיטגענומען מיט זיך יעקבס לייטער“ און ער באַט זיך אָן צו שרײַבן די נאָטן, ווײַל ער קען ווײנען און קלאָגן און ער זאָגט טאַטע, אָבער עס קומט אַ שמייכל פון זײַן קינד און זאָגט:

ניט אַ טויטער ייִד וועט זיין דער נאָטן־שרייבער,
ליבערשט שוין דער ווינט.

די לידן זיינען פאַראַן אין „ווײַסע טויבן“ פון און וועגן די אומגעבראַכטע ייִדן, אָבער דער ציל זייערער איז דאָס קינד מיט זיין שמייכל, מיט דער צוקונפט און די שפּראַך פון אָט דעם קינד איז דאָך עברית, אָבער דער דיכטער שאַפט אין ניגון פון ייִדיש און ער וויל, אַז די דאָזיקע שפּראַך זאָל אויך זיינע קינדער זיין אייגן. ער וויל בכלל מאַכן די קינדער זײַנע פּאַר שותּפים צו זיין שאַפן, אין ליד „ווי אַ שוואַלב אין דער פרי“, זאָגט ער, אַז ווען זיין ליד „צעזינגט זיך, ווי אַ טרער“ איז זיין זון „כולו יצירה“ און זיין טאָכטער „כולה געהער“. און ער וויל נישט קיין אַבסטראַקטע שירה, נאָר ממשותדיקע אויך אין לשון:

איך אַליין וויל אַ סך און אַ סך
די חכמה פון וואָרט און פון שפּראַך.

אין דעם ליד „פּאַר מיין זון“ (געדרוקט אין אָט דעם בוך אויף זייט זאָגט ער צו זיין זון:

מיט דיין מאַמע־לשון עברית,
מיט דיין טאַטע־לשון ייִדיש,
גיי נאָך די טריט
פון די אבות.

און קלאָרער און שאַרפער ברענגט ער אין ליד „איך וויל אַז מיין קינד (איביד, זײַט 88) אַרויס זײַן באַגער:

איך וויל, אַז מיין קינד
זאָל מיט זיינע הערנער

פאַרפלאָנטערן זיך אין טאַטנס ירושה
און נאָכגיין זיינע טריט
און דינען שטיל דעם ייִדישן גאָט
מיט ייִדיש און מיט עברית.

און

פאַר דיר, מיין טאָכטער,
זאָל מיין ייִדיש וואָרט ניט פילן זיך
ווי אַן אורח אין דער פרעמד.
ביי דיין באַזונטן טיש
זאָל מיין וואָרט ניט זיין פאַרשעמט.

פון שטענדיק אָן האָט י. ח. ב. געזוכט מיט זיין ליד צו גרײ־ן צו קינדישע הערצער און צו קינדישע וויגן. אין זיין האַרציקן בינטל לידער „ייִדישע ווערטער", וואָס איז דערשינען אין תל־אָביב אין דעם יאָר, ווען די מדינה איז געגרינדעט געוואָרן, האָט ער אין שיר „כזוך דאָס ליד" גע־זונגען, אַז ער זוכט דאָס ליד, וואָס זאָל „דורך וויַטע וועגן" „גיין צו קליינע קינדערס וויגן". אין אָט דעם ליד („ייִד' ווערטער" ז' 16) איז אפשר קלאָרער ווי אומעטום אויסגעדריקט די סיבה פון דעם, וואָס אַן אַבסאָלוטענט פון אַ תרבות־גימנאַזיע, וואָס לעבט פון דער פריִער יוגנט אָן אין ארץ־ישראל שרייבט עד־היום ייִדיש. ער זאָגט אין דערמאָנטן ליד:

כ׳זוך דאָס ליד,
וואָס זאָל דורך יבשהס, ימען,
גיין צו אונדזערע טאַטע־מאַמעס
און אויסהיטן פון פלאַמען
און באַשיצן זייער לעבן
פון ערלימס באַגנעטן.
כ׳זוך די לידער,
זיי זאָלן זיין, ווי גוטע היטער
אויסגעשטעלט אין אַ רייע —
און ווי אַ קמיע
אויסהיטן דאָס פיצל לעבן
פון דריי קליינע אותיות:
ייִד!

און בילעצקי פאַרבינדט זיך מיט ייִדישע דיכטער. זיינע אייגענע זיינען משה קולבאַק, איציק מאַנגער, משה־לייב האַלפּערן. דעם שיר „אין בענקע־

ניש נאָך אַ ליד" הייבט ער אָן מיט די ווערטער „ווי זאָגט דער גרויסער קולבאַק", אין דעם שיר „אַ ליד". (געדרוקט אין אָט דעם בוך, ז' 40) זאָגט ער:

מיינע גרויסע קאַמעראַדן (?)
משה לייב און מאַנגער איציק.
באהבה —
לייען איך היינט דאָס ליד
פון דער גאָלדענער פאַווע.

דער פאַקט, וואָס בילעצקי דערמאָנט רק די דרײַ דיכטער משה קולבאַק, משה־לייב האַלפּערן און — יבדל לחיים — איציק מאַנגער קען זײַן אַ שליסל צום אוצר השירה פון מחבר פון „ווײַסע טויבן". ער איז קוים באַאײַנפלוסט פון אָט די דרײַ גרויסע יידישע דיכטער, אָבער ער איז נאָענט צו זיי; ער איז נאָענט צו זיי צום מערסטן אין דער פאָרעם, ווי אַלע זיי דרײַ שרײַבט ער נישט אין ווײַסן פערז און נישט קיין רעטשיטאַטיוון, נאָר לידער אין קלאַסישן פערז און מיט גראַמען. ווי קולבאַק רירט זיך צו מאָל צו דעם סאַמע רויען לעבן און שאַפט פון דעם פּאָעזיע, ווי משה־לייב ווערט ער צו מאָל בונטאַריש (אין שוין דערמאָנטן „אין בענקעניש נאָך אַ ליד" זאָגט ער: „אַ גאָט, וואָס האָט קיינעם נישט געראַטעוועט פון שטורעם".) און ווי מאַנגער איז ער על פּי רוב צאַרט ליריש און שפּילט זיך מיט שטערן און ער זוכט אַ קול אין דער לופט, וואָס זאָל אפשר ברענגען ספיקות, אָבער נישט קיין פאַרצווייפלונג; ער באַגעגנט זיך אין וועג מיט אָט די דרײַ פּאָעטישע אָבות זײַנע און ער — באַגעגנט זיך און געזעגנט זיך און ער גייט זיך זײַן וועג:

פאַרצווייפל ניט, ייִד, אין די נאַכטיקע שעהן
איבער ברוק, איבער שטיין
פון בוים
שרייט אַרויס דער געוויין
און פון פעלד
און פון קינד. (איביד זייט 33)

דיכטער שרײַבן וועגן פּאָעזיע נישט ווייניקער ווי פילאָסאָפן וועגן פילאָסאָפיע. יעדער פילאָסאָף זוכט צו באַגרינדן אויף זײַן שטייגער און לויט זײַן השגה דעם זין און דעם ציל פון דער פילאָסאָפיע. און יעדער דיכטער טוט דאָס זעלביקע אין שײַכות צום ליד. און בילעצקי געהער צו די דאָזיקע דיכטער, וואָס טראַכטן אויף אַ קול וועגן דעם, וואָס ליד איז און וועגן דעם,

וואָס ס׳דאַרף זײַן. אין די ערשטע לידער פון אָט דעם בוך זינגט אונדזער דיכטער כסדר וועגן דעם זין פון דעם ליד און וועגן דעם ציל פון לי. איך שיק דעם לייענער אָפּ צו זעקסטן שיר אין אָט דעם בוך, צו „אין ליד דאַרף זײַן". דאָ איז פאַראַן דער גאַנצער אַני מאַמין בילעצקיס וועגן ליד, וואָס דאַרף זײַן די רויש פון מיל, דעם שנײַדערס נאָדל־פּאָדעם, דער חן פון דער פרוי, דער מענערישער טראָט, די קלאָרע ראיה פון דער מאַמעס גוטע אויגן, „דער ערדס קאָליר, גאָטס פאַרטראַכטע, קלוגע סודות און אַ ייִדיש ליד דאַרף זײַן אַ פויק פון מאַסן. משוגעתן מיט תהילימל צוקאָפּנס, פשטותדיקן גראַם. און דער קולמינאַציע־פונקט:

ליד דאַרף זיין דער באַלעבאָס
און הערשער איבער דיר.
פרעג מיר, חבר, ניט פאַר וואָס,
כ׳בין פאַרליבט אין שיר.

אָבער דאָס ליד איז בײַ אים בשום אופן נישט בלויז די זאַכן ווי זיי זײַנען און ווערן באַזונגען, נאָר עס האָט אַ ציל אויך, ער וויל, אַז די זאַכן זאָלן זײַן, זאָלן נישט אויפהערן זײַן. ווען דער דיכטער זוכט אַ שפּליטער פון דער זון, וויל ער אויך „אין פלאָנטער פון גרויסן געוועב פאַרהיטן די שעפּסעלע מיט איר שחריתדיקן וואָל".

פאַראַן אַ זעלטענע אויפריכטיקייט אין בילעצקיס על פּי רוב קורצע לידער מיט אַ נייגונג צו סענטענצן און אַפאָריזמען. ווען ער זאָגט, אַז אויפן טאָוול האָט אים סוצקעווער אויפגעשריבן „ווי מען דאַרף שרייבן פּאָעמעס, פשוט: מען דאַרף שרײַבן פּאָ־אמת", איז דאָס נישט קיין אָנשטעל פאַר אים. עס איז טאַקע פשוט אַ געבאָט פאַר אים, אַן עלפטער געבאָט צו שרײַבן „פּאָ אמת". אַנדערש קען ער נישט און ער טאָר נישט. פאַראַן בײַ בילעצקין אַ ליד, וואָס הייסט „אַ וואַלד מיט חלומות", האָט ער דאָרט אַ מאמר המוסגר, וואָס לייענט זיך אַזוי:

עפּעס איז מיר ניט געראָטן
היינט,
ניט מיין ליד
און ניט מיין שווייגן...
ס׳טרעפט אַמאָל אַזוינס אין לעבן
ס׳טרעפט...

דער קלוגער זשורנאַליסט א. ל. שוסהיים ע״ה פלעגט קענען אָפּשטעלן אַ באַקאַנטן און קרעכצן טאָן פֿאַר אים:

— אוי, איך האָב שוין זײַט לאַנג נישט אָנגעשריבן קיין גוטן מאמר...

האָט ער דאָס דאַזיקע געזאָגט, נישט געשריבן. דאָס דערמאָנטע ליד בילעצקיס איז דווקא נישט פֿון די אומגעראָטענע און צוליב דעם יסורים־דיקן קרעכץ פֿון דיכטער קריגט דאָס שוין גאָר אַ באַזונדער רייץ.

איך האָב דערמאָנט, אַז בילעצקי האָט נייגונג צו סענטענצן. אין אונדזער צײַט מײַדן דיכטער אויס דאָס סענטענצעוועזן, אָבער נישט איין מאָל איז בײַ אונדזער דיכטער די סענטענץ אויך אַן איבערראַשנדיקע. דאָס סאַמע איבערראַשנדיקסטע איז פֿאַראַן אין ליד „וואָגיקער ווי מײַן וואָגיק געפֿיל", און וועלכן עס ווערט בײַם סאַמע סוף געזאָגט: „מײַן סידור הײַנט פֿאַרמאַכט. נאָר כ׳קען אויף אויסנווייניק אַלע מײַנע טרערן".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר גייט קיין מאָל נישט אַרויס פֿון זכרונס געמיט מײַן ערשטע באַגעגעניש מיט י. ה. בילעצקי. דאָס איז געווען אין יוני 1948 אין תל־אָביב. עס איז צו מיר צוגעקומען אַ יונגער מאַן, נישט קיין הויכער, מיט אַן אידל פּנים, וואָס איז אי קיילעכדיק אי שפּיציק און מיט שמייכלענדיק־טרויעריקע אויגן און ער האָט זיך מיר פֿאָרגעשטעלט און געגעבן זײַן ביכעלע לידער, „ייִדישע ווערטער", וואָס איז נישט לאַנג דערשינען, טאַקע אין תל־אָביב. אַ ביכעלע אין אַ מיניאַטורנעם פֿאָרמאַט, אַזוי ווי אַ קליין סידורל. אין מײַן ביבליאָטעק האָב איך שוין געהאַט זײַן בוך „שוועלן" און איך האָב אין מאָטאָ צו יענעם בוך געקענט אַרויספֿילן זײַן אייגענע מורא פֿאַר זײַן נייגונג צו סענטענץ. אין יענעם מאָטאָ זאָגט זיך:

מיין וואָרט —
אין אים מיין פעסטקייט און מיין וואַקל,
ער שרעקט מיך, ס׳שרייט אַרויס פון אים
סך הכול...

און ווען איך האָב געלייענט די לידער זײַנע אין מיניאַטורנעם ביכעלע, האָב איך נישט איין מאָל געהאַט דאָס געפֿיל, אַז שטאָט צו געבן דעם גאַנצן אויפֿברויז זײַנעם, גיט ער בלויז סך־הכל... איך האָב זיך אין דער סביבה פֿון סוף איין קריג און קרוב צו נײַע שלאַכטן זיך צוגעפּאַסט צו יענעם בי־כעלע און ערשט דאָרט האָב איך געטראָפֿן אַ סך לידער מיט כמעט בלויז

סענטענצן און אַפּאָריזמען. על משכבי בלילות האָב איך דאָס ביכעלע עט־לעכע מאָל געלייענט און עס איז פֿאַרבליבן בײַ מיר אין געמיט אַ גאַנצע ריי לידער און באַזונדער דער שיר „אַן אַלטער ניגון", וואָס איז כולו־אַפּאָריזמען. דאָרט זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע אָ שורות:

„ס'איז אַן אַלט ליד,
ס'שרייט מיט ווײ קאָוואַדלע,
ווען ס'ווערט מיט אַ שמיד געשמידט"

— — — — — — — — — — —

„ס'איז אַן אַלטער ניגון:
מידע טריט פֿון ייִד"

— — — — — — — — — — —

„ס'איז אַן אַלטער מאָטאָ:
אַ פּרינץ אין שמאַטע־זאַכן".

— — — — — — — — — — —

„דיין מאַמעס קלוגער אויג
האָט איר נישט אויסגעהיט פֿון טויט".

... זינט דעמאָלט האָב איך געטראָפֿן בילעצקין עטלעכע מאָל אין ישראל און שטענדיק אַזוי בקיצור, ווי זײַנס אַ ליד. ער האָט שטענדיק געזעצט אַזוי קורץ און שאַרף. איין מאָל האָט ער געטענהט, וואָס מאַנגער האָט גענומען די פֿאָלקסטימלעכע שורות פֿון „אויפֿן וועג שטייט אַ בוים" און ער האָט פֿאַרביטן אַזעלכע ווונדערלעכע ווערטער, ווי „פֿאָרט אַ ייִד קיין ערץ־ישראל מיט פֿאַרווײנטע אויגן" אויף אַזעלכע ווערטער ווי „אַלע פֿייגל פֿונעם בוים זײַנען זיך צעפֿלויגן", וואָס זאָגן אַ סך ווייניקער...

דאָס זעקסטע בוך לידער בילעצקיס, וואָס קומען צו די לייענער דורך דער הילף פֿון זײַנע קאָברינער לאַנדסלײַט אין אַרגענטינע, רופֿט דער דיכטער „מײַנע ווײַסע טויבן" און דאָס ליד, וואָס טראָגט דעם זעלביקן נאָמען, וואָס דאָס בוך, האָט אין זיך אַזאַ טרויער, אַז דאָס האַרץ גייט אויס פֿאַר ווײ. די ווײַסע טויבן, וואָס זײַנען דער אָפֿענער טרויער בילעצקיס, זײַנען זײַן „געמיט מיט אַ גרויס פֿאַרמעגן" ווערן „גראָ און גראָער", זיי „פֿאַרלירן זייער ווײַסן חן", זייער וואָרקען ווערט פֿאַרהיטן פֿון אַ געוואָי פֿון שאַקאַלן, זיי ווערן אין גאַנצן ערגעץ פֿאַרפֿאַלן און צום סוף פֿרעגט ער: „ווײַסע טויבן — ווער האָט אײַערע פֿליגלען שוואַרץ געמאַכט?"

אין דעם ליד „ביי אַלע שווען" (זייט 110) זעט ער אַן עלנטקייט אין מדינת ישראל, ווייל ביי אַלע קולות אין די בתי מדרשים פעלט דער תכלת פון זיין טאַטנס טלית, אין גרויסן שיינעם היכל פעלט זיך מאַמעס שמייכל און

אין מיין ייִדישער מדינה
פעלט מיין מאַמעס תחינה

אפשר דערפאַר האָט ער דערזען שוואַרצע פליגל ביי זיינע ווייסע טויבן.

און דאָך איז עס פעסימיסטישע גוזמא, וואָס קומט פון פאַרשטענדלעכן טרויער. באמת אָבער האָבן די ווייסע טויבן פון דער ווירקלעכקייט געקראָגן שוואַרצע פליגל, אָבער, אָבער נישט די ווייסע טויבן — בילעצקעס לידער. זיי זיינען געבליבן ווייס און עכט און גאַנץ אין זיי זיינען —

„ווי דאָס קוועלן פון אַ קוואַל,
ווי דער צאַפּל פון אַ שטראַל".

יעקב באַטאַשאַנסקי

# אַ מאָל

אין צער און ווײ
פֿון סתם אַ מענטש,
וואָס צינדט אין דיר באַגערן
און וויל אַז דו זאָלסט הערן
זײַן וואָרט.

ווײַל ליד,
איז עפּעס מער
ווי דײַן טרער.
ווײַל געזאַנג
איז אויך אַ קלאַנג
פֿון אַ מענטש
וואָס זינגט פֿון אים אַרויס
מיט רויש פֿון טויזנט ימען
אַלע פּגמען
פֿון דער וועלט.

ס'איז דאָ אַזאַ זמן,
ווען מײַן וואָרט פֿאַרקריכט אַלץ טיפֿער אין טומאַן
און שרײַט אַרויס:
אַ ליד איז עפּעס מער, אַ ליד איז עפּעס מער.

# ג ל י י ב

גלייב אַז טאָג איז נס און ווונדער,
גלייב אַז מענטש איז עפּעס מער —
קוש אַלע רגעס אויס באַזונדער,
קוש דעם שמייכל און די טרער.

גלייב אַז ווונדער זענען שטערן
וועלכע פינקלען איבער דעכער,
גלייב אַז אויך אין דיינע טרערן
זינגט דיין וואָרט, אויב נישט נאָך העכער

גלייב אין נס פון אַלע דיכטער
וועלכע שפּאַנען איבער וועלטן,
צינדן אויגן אין געזיכטער
אין באַשטערנטע געצעלטן.

גלייב אין ניגון פון רוינען,
אין דעם בוים וואָס וואַקסט און בליט,
גלייב אין ווונדער פון באַגינען
וואָס זיין ליכט און נס צעשיט.

גלייב אין ליד, אין חלום, וואָר,
גלייב אין מענטש מיט האַרץ אָן גבול,
דיין אָפן אויג זאָל זען אַלץ קלאָר
ווי ס׳זעט דער שטראַל דעם ברונעם פול.

## יעדער איינער

יעדער איינער וויל הערן זיין קול:
דער באַרג. דער בוים. דער מענטש. דער טאָל.

יעדער איינער פאַרזייט אַ חלום, אַ שפּליטער,
אויף פעלדער, מרחבים, אויף ווייטקייטן, סטעפּעס.
דער באַרג זוכט דעם טאָל, דער מענטש זוכט דעם בוים —
אין אַלע — אַ ציטער,
אין אַלע — אַ טרוים —
און אַלע פאַרבענקטע נאָך עפּעס.

יעדער איינער זוכט מרחב, יצירה:
דער פויער. דער דיכטער. דער פויגל. דער קוואַל.
אין אַלע אַ ברעקעלע שירה,
דער חשבון פאַרפּלאָנטערט אין סתירה,
אין אַלע דער רויש פון אַ וואַסערפאַל.

יעדער איינער זיין מאָרגן וויל שפּינען
אין גרויסן געוועב פון דער וועלט.
אַלע זוכן און ווילן געפינען
אַ שפּליטער פון זון, אַ צעהעלט.
אַ מאָל איז איינעם געראָטן
פאַרלויפן זיין אייגענעם שאָטן.

און איך ממעמקים — פון טאָל —
וויל אין פּלאָנטער פון גרויסן געוועב
פאַרהיטן די שעפּסעלע מיט איר שחריתדיק וואָל.

איבער דער וועלט איז אויסגעשפּרייט אַ בלויער הימל,
אַ בוים פֿאַרוואָרפֿט זיין קאָפּ אין הויכן.
אַ פֿאַסטוך מיט זיין שטעקן לויפֿט נאָך זיין סטאַדע שאָף,
זיין טראָט מוז די לעמעלעך דערגרייכן.
פֿון ווייטנס רופֿט דיין בענקשאַפֿט דיר אַנטקעגן
זאָלסט גיין מקבל פּנים זיין דיין בלויען הימל אויף אַלע וועגן.

איבער דער וועלט ליגט אויסגעשפּרייט אַ גרויסער חלום.
אַ נאַכט זוכט דיין קאָפּ באַשיצן אונטער אירע פֿליגלען.
אַ טאָג וויל מיט אַ רעגן דיינע וואָרצלען טיפֿער מאַכן.
אין אַלע ימען ווילסט דיין פּנים שפּיגלען.
ווילסט גיין פֿון טרוים צו טרוים און לאַכן —
און פּלוצלונג קומט אַנטקעגן דיר אַ טרער —
און ס׳פּלאַצט, ווי זייפֿנבלאָז, דיין דורשטיקער באַגער.

איבער דער וועלט פּייפֿט אויף פּייפֿלעך אַ שטערן.
ער דאַוונט שטיל: פֿאַרשעם ניט, וועלט, מיין שם.
אַ באָרוועסער גייט אום אין שטורעם און אין רעגן.
ס׳שפּילט זיך חלומדיקער אומרו אויף זיין ברעם.
איבער אַלע היינטן, איבער אַלע מאָרגנס ווײנט מיין וואָרט,
עפּן אויף דיין האַרץ און נעם —
איבער דער גרויסער וועלט ליגט אויסגעשפּרייט אַ בלויער הימל,
אַ גרויסער חלום
און אַ שטערן.

## זיי געטריי דיין וואָרט

זיי געטריי דיין וואָרט.
זיי געטריי דיין אויג.
ברען — ווי א סנה
אויך ווען דו ביזט
אַ כבד־לב, אַ כבד־פּה.

זייַ געטריי דיין טרער,
זיי געטריי דיין פרייד,
היט דיין גוטן נאָמען.
זאָל דיין ליד ניט זאָגן
צו אַלע ווילדע גראָזן — אמן.

זע אין יעדן טאָג דעם וווּנדער
גראָב, ביז וואָרצלען וועלן דיר דערציילן
דעם סוד פון וואַקסן און פון בליִען:
געטריי איז דער וואָס וויל זיין לעבן
טראָגן פריי
און פאַר קיינעם, קיינעם קניִען.

# אין ליד דאַרף זיין

אין ליד דאַרף זיין דער מילן־רויש,
דעם מילנערס ווייסע בגדים.
אין ליד דאַרף זיין דער פולער קויש,
דעם שניידערס נאָדל און זיין פאָדים.

אין ליד דאַרף זיין דער חן פון פרוי
און מענערישער טראָט צוגלייך.
דער גרויסער חסד פון דעם טוי,
דער מורמל פון דעם טייך.

אין ליד דאַרף זיין אַ קלאָרע ראיה
פון צוויי גוטע מאַמע אויגן.
אין ליד דאַרף זיין אַ פולע זריעה
און גלויבן — ווי דער רעגנבויגן.

אין ליד דאַרף זיין דער ערדס קאָליר
און גאָטס פאַרטראַכטע קלוגע סודות.
ייִדיש ליד דאַרף זיין אַ שיר
און ל ע ב ע ד י ק ע  זיינע עדות.

ליד דאַרף זיין אַ פויק פון מאַסן.
אַ שטילער פליסטער פון אַ טראָפּן.
ליד דאַרף טראָגן משוגעתן
מיט אַ תהילימל צוקאָפּנס.

ליד דאַרף ליב האָבן דעם ים
און אַלע שקיעות אין די טיפן.
ליד דאַרף פשטותדיקן גראַם,
ווי די לידער פון מאַטראָסן אויף די שיפן.

ליד דאַרף רו און ליד דאַרף שטורעם
און אַלע גרויסע זאַכן.
ליד דאַרף שמחה און יסורים
און אומעטיקן לאַכן.

ליד דאַרף טאַטע־מאַמעס ניגון
און די ציגעלע די ווייסע.
ליד דאַרף קינדערלעך פאַרוויגן
מיט חלומדיקער מעשה.

ליד דאַרף זיין דער באַלעבאָס
און הערשער איבער דיר,
פרעג מיך, חבר, ניט פאַרוואָס
כ׳בין פאַרליבט אין שיר.

# ב ג ר ו ת

נו, וואָס איז דען דער ווונדער,
אַז טיפער מיין חלום, וואָרצלדיקער, רונדער.

אַז אַ קערנדל, אין טיפן, אין געהיים
דערמאָנט מיר קינד און היים.

אַז אַ ביימעלע אין גאָרטן באַלד,
דערמאָנט מיר אין אַ גאַנצן וואַלד.

אַז אַ קינד אויף אַלע פיר
ברענגט אַ גרוס פון קאָסמישן באַריר.

אַז אַ פויגל אויפן דאַך
דערציילט די סודות פון אַ וועלט מיט אַ צוויטשערישער שפּראַך.

אַז אַ קערנדל אין פּירות
דערציילט מיט קבלה־לשון פון מאורות און צנורות.

נו, וואָס איז דען דער ווונדער,
אַז מיין חלום טיפער, וואָרצלדיקער, רונדער.

# אַזוי זאָגט דער קלוגער פּאָעט

אַזוי פאַרעקשנט שווייג איך היינט
אַזוי פאַרעקשנט.
אַזויפיל ווערטער שטומע, ווי מחיצות
צווישן מיר און דיר, מיין פריינט.

און ווו איז דאָס ליד, וואָס דער פּאָעט
האָט מיט זיין אויסגעזונגענער שורה
גערעדט
צו מיר, צו דיר, לאמר: אַזוי צו זאָגן:

רעד — און זאָל דיר גרינגער ווערן.
שטראַל אויף דיין האַרץ
ווי שטערן
שטראַלן אויף דעם הימל .

שטויב אַראָפּ פון חלום דיינעם
דאָס ביסל שטויב
און לויב
דעם קלוגן דיכטער פאַר זיין וואָרט.

פאַרוואָס
שווייגסטו היינט פאַרעקשנט, זאָג.
אַ שלאָס
אויף מויל, אויף האַרץ.

און דיינע פריידן — ווי אומעטיקע יאָרן
איינגעשלונגענע לזכרון
אין אַ טויטן ארון.
אַזוי זאָגט דער קלוגער פּאָעט:

לעבן פאָרט זיך נאָר מיט חלום
און מיט פרייד.
אין זיי דער גאַנצער וועלט-באַשייד.

# פ ר ע ג

אומעטום, ווּ נאָר מענטשנס טראָט דערגרייכט:
ווּ דער וועג
צו הימלען?

פרעג:
און זאָלן אַלע הויך דיין שאלה הערן:
ווּ דער וועג
צו ליכט.
צו שטערן?

פרעג און שריי
און זאָל דיין ליד
אויף גרויסן וועלט־יאַריד
שליידערן אויף אַלע ברוקן:
לא תרצח.

בינד,
ליד מיינס, בינד
מיין קדושה און מיין זינד,
כ׳זאָל אַ בונד מיט מענטש פאַרשניידן,
אַ בונד פון צער און ליידן.

אויב דיין אומרו האָט אויף וועגן דיר אַרויסגעטריבן
וואָס איז דיר פאַרבליבן?
נעם דיין טלית, נעם די תפילין
און גיי פאַרקויפן דעם לא תרצח
אַלע די וואָס שטילן
זייער בלוט
מיט קינדערשע אויגעלעך פון קליינינקע ייִדעלעך.

פרעג און פרעג.
פרעג דעם הונט אויף שטעג און וועג

פרעג דעם זעגער
מיט זיין זעג

פרעג דעם תלין מיט זיין שטריק.
פרעג אַ קינד אין מאַמעס וויג.

פרעג און פרעג —
אפשר וועסטו אַנקומען דורך פינצטערן טונעל
צו היים,
צו ווייב און קינד,
צו שוועל.

# אַ ל י ד

מיט שקיעה, דו ווייסט ניט פאַרוואָס, פאַרוועץ,
מיט אַן אָפּענער האַנט וואַרפט אַריין דער אָוונט זיינע קערנער:
א ו מ ע ט

מיט גלי, מיט ברען,
מיט אַ סך פאַרדראָס,
ווי דער באַראַן אין יצחקס עקידה,
פאַרפלאָנטערט זיינע הערנער טיף אין מיר
מיין נאַקעטער אומעט
און זאָגט צו מיר, לאמור,
אַזוי צו זאָגן:
קום. איך בין היינט דיין שומר.

גיי איך מיט. איבער לויער. געפאַר. איבער ווייען און צער
און כ'פרעג:
איז דאָס, אומעט מיינער,
דער וועג
צו די באַרג־שפּיצן?

שווייגט דער אומעט.
ער טוט זיך ניט באַמיִען
זאָגן אַ וואָרט.
ער ווייס נאָר איינס: זיין שליחות
דו זאָלסט קניִען
קעגן רויטע שקיעות
און תפילה טאָן צום שטאַרבנדיקן טאָג.

דערפאַר —
זאָגט צו מיר מיין אומעט,

וואָס דו זינגסט און לאַכסט
און ווילסט אָפּנאַרן דיין צער
קומט דיר שטראָף:
זינג דיין ליד פון אומעט
פון התחלה ביזן סוף.

לעצטע זונען שטראַלן
שטאַרבן אָפּ.
אין צימער מיינעם פאַלן
טראָפּ נאָך טראָפּ
ווערטער — אומעטיקע — ווייאיקע

כ׳פאַרמאַך מיין טיר.
זאָלן מיינע קינדער ניט הערן היינט מיין שיר.

# מיין לויטערער פרימאָרגן

יעדער איינער טראָגט זיין סוד פאַרבאָרגן.
איך אין האַרצן טראָג מיין לויטערן פרימאָרגן.

ער איז מיין אות. מיין קלאָרער נאָמען.
ער איז מיין תפילה. מיין קלינגענדיקער אמן.

ער איז מיין רויִקייט. מיין אויפברויז און געוויטער.
פון מיין נעכטן, היינט און מאָרגן — מיין באַהיטער.

ער איז מיין ציטער אין מיין אָוונטיק געמיט.
מיין וואַרט. מיין חלום און מיין ליד.

מיין לויטערער פרימאָרגן שפּאַנט אַריבער פלאַמען
און ברענגט צו מיין שוועל אַ טרער פון מיין מאַמען.

מיין פרימאָרגן — איך דערקען שוין זיינע טריט,
ווען ער קומט צו מיינע שוועלן פון גרויסן וועלט-יריד.

ער ברענגט מיר פולע הויפנס פרייד
און ערשטע רייד
פון טאָג.

מיין לויטערער פרימאָרגן — ער וויים ניט פון פאַרדרוס.
פון דער גרויסער שמחה ברענגט ער מיר אַ גרוס.

מיין לויטערן פרימאָרגן גיי איך היינט אַנטקעגן,
ווי ס'גייען פעלדער טרוקענע באַגעגענען דעם רעגן.

# דער טאָג

דער טאָג, ווי אַן אָפּענע טיר.
קלוגע אויגן. וואַך.
איך גיי אויף זיינע וועגן.
איך זינג אויף זיין שליאַך
אַ ליד:
פון מיר צו דיר.

דער טאָג —
ווי אַ ווייסער שוים.
אומשולדיק, ווי אַ קינד.
איך לויף אויף זיינע טראָטואַרן
געשווינד, געשווינד
און זינג
ווי ס׳זינגט דער וואָרצל אוים אַ ליד דעם בוים.

דער טאָג, ווי אַ זאַנג
אַ פולער מיט חסד פון ברויט.
איך לויף אויף זיינע פעלדער
שטענדיק גרייט
זינגען אַ ליד
פול עכאָס. פול קלאַנג

דער טאָג, ווי אַ קלוגע סטאַדע שאָף,
זוכט גראָז אויף פאַראומערטע וועגן.
אויגן מיינע אין די כמאַרעס
קוקן אוים אַ רעגן.
זינג איך אויף מיין נאַרע
אַ ליד
פון אָנהויב און פון סוף.

דער טאָג — אַ ליכטיקע געשטאַלט.
צוויי אָפענע לונגען עטעמען טיף.
ווי אַ מאַטראָס וואָס האַלט דעם רודער
פון אַ צעשטורעמטער שיף,
זינג איך אַ ליד צו מיין ברודער
פון טייכן, פון קוואַלן, פון וואַלד.

דער טאָג — פון נאַכטיקער אימה באַפרייט.
פון שחרית ביז אָוונט באַטויט און באַליכט.
ווי גוט ער איז צו מיר
מיט חסד אין געזיכט.
לאָמיר אים זינגען אַ ליד
פון נאָענט און פון ווייט
און פון אָפענער טיר.

# אין בענקעניש נאָך אַ ליד

אַ שיר,
ווי זאָגט דער גרויסער קולבאַק:
ווי אַלטער ווייַן אין ליימענעם געשיר.

— און אַלע די וואָס זינגען פון היים
און אַפילו פון אין־סופן;
און אַלע וועלכע האַלטן זייער טיר
און זייער האַרץ אויפגעפּראַלט און אָפן;
געפּאָרט מיט ווײ און צער, יסורים —
גייען זייער אויסגעבענקטן גאָט אַנטקעגן,
אַ גאָט,

וואָס האָט קיינעם ניט געראַטעוועט פון שטורעם.
אָט די אַלע —
וואָס זינגען אויף דער וועלט מיט תפילה און מיט ציטער
און ווילן זיין די היטער
פון גיהינום און גן־עדן,
בענקען נאָך אַ שיר —
ווי זאָגט דער גרויסער קולבאַק:
ווי אַלטער ווייַן אין ליימענעם געשיר.

אַ בענקעניש.
ווי אַ בלאַט נאָך אַ בוים,
ווי אַ מענטש נאָך אַ טרוים,
ווי אַן עכאָ אין טאָל
פאַרבענקט נאָך זיין קול —
אַזוי היינט איז מיר —
אַ רואה ואינו נראה:
אַ בענקעניש.

אַ בענקעניש —
און זאָל זיין אַז אפילו
מיין ניגון, מיין תפילה
מיט מיר איז פאַרבליבן
און טיפער אין מיר
אין בונד און אין קניפּ
מיין וואָרט אויף מיין ליפּ —
אַ בענקעניש —
און כ׳קען היינט ניט שטילן
מיין געוויין און מיין כליפּ.

אַ בענקעניש —
און זאָל זיין אַז מיין פּלאַפּל
אַ קינד פון מיין צאַפּל
מיט רוגזה, פאַרדראָס,
אַנטלויפט אָן אַ העמד —
און לסוף
פאַרבלייבסטו אַליין אין חצות
פאַרריגלט אין נאַכט און אין פרעמד,
אויף נעכטיקע וויִעס וויגט זיך דיין שלאָף —

אַ בענקעניש:
נאָך אויגן.
נאָך שחר.
נאָך אַ רעגנבויגן
אין בלינדן אָרום.

אָ, גאָט מיינער, גאָט.
לאָז מתפּלל זיין אין בענקעניש
אָט סתם אַזוי.

אונדזער וואָרט, אונדזער וואָרט,
אונטער בלייענע הימלען פֿאַרשוווּנדן.
אונדזער טאָג פֿאַרגאַנגען איז דאָרט,
דער טרויער ער האָט אים געצונדן.

אונדזער ליד, אונדזער ליד,
ווי אַ קינד אויף די וועגן פֿאַרשניטן.
אַ מחשבה דערשטיקט אינדערמיט.
געלעבט, געבענקט און געליטן.

אונדזער ליכט, אונדזער ליכט.
פֿאַרגאַנגען אין וויי און אין שרעק.
ערגעץ ווייט דאָרט אַ שיכט אויף אַ שיכט
אין דער טיף אויף פֿאַרבלוטיקטן וועג.

# אין דיין זכות

מיין זון — אַלכסנדר

אין דיין זכות
אין דיין גוטן שמייכל, שפּילן,
אין דיין קלוגשאַפט,
אין דיין ווילן —
לעבן מיינע לידער, ווי אַן אויסגעטראַכטער חלום.

אין דיין זכות,
אין דיין חכמהדיקן פרעגן,
אין דיין לויפן
אויף די וועגן
לעבן מיינע ווערטער, ווי אַ טייך אין פולן זומער.

אין דיין זכות,
אין דיינע קינדערישע רייד,
אין דיין שמייכל,
אין דיין פרייד
לעבט מיין חלום, ווי אַ ליד אין שהריתדיקן פלאַטער.

דיין באַריר,
זון,
געבוירן האָט אַ שיר.

# אַ ל ע...

אַלע טײַכן שפּיגלען זײערע פּנימער אין זון.
אַלע מעשהלעך פֿאַרברידערטע מיט הלום און דמיון זינגען
פֿולע ניגונים.
אַלע פֿרויען שטייען אַנטקעגן אָנגעגליטע שקיעות און וואַרטן:
עמיצער דאַרף קומען.
און איך — איך שטיי ביים ברונעם.

אַלע אויגעלעך פֿון קינדער שטאַרן אין די ווייטן קוקן אוים אַ סוד.
אַלע ביימער אין מיין גאָרטן וואַרטן אויף די טויזנט זונען.
אַלע בלומען באַזילבערטע מיט דינע זומער־פֿעדים זינגען
תּפֿילות דעם פֿרימאָרגן.
און איך — איך שטיי ביים ברונעם.

ווער וויים, ווער הערט די שפּראַך פֿון ברונעם?
ווען אַלע טויערן פֿון חסד שוין פֿאַרהאַקט,
שפּיגלט זיך מיין פּנים טיפֿער,
ווי אַ פֿישער,
ווען דער שטורעם טרייבט זיין שיפֿל איבער כוואַליעם.

ווער וויים, ווער הערט די שפּראַך פֿון ברונעם?
ווען דאָס וואָרט, ווי רויע ערד, בענקט נאָך זריעה,
וואַקסט אַרוים מיין מי,
און שרייט אוים:
ווי ס׳וואַקסט אַרוים דער צאַפּל אין דער פּרי
כ׳בין דאָ. כ׳בין דאָ.

אַלע זכותן אין דער וועלט זוכן זייער גאָט.
אַלע פּיינען קומען ווי אַ בייזער חלום אין דער נאַכט.
אַלע טויערן פֿאַרהאַקט, פֿאַרשלאָסן. אָפּגעשטאָרבן די ניגונים.
און איך — איך שטיי ביים ברונעם
און הער ווי מ ײ ן געמיט דאַוונט אין דער שטיל.

# איבער באַרג, איבער טאָל

איבער באַרג, איבער טאָל,
לויפט נאָך אַ קול
און דערציילט אַ יאָמערדיקע מעשה
פון גלוטיקן פייער.

איבער טייך, איבער קוואַל
קייקלט זיך אַ שטראַל
און דערציילט:
געבליבן דער שורש.
פאַרצווייפל ניט, ייִד, אין די נאַכטיקע שעה'ן.

איבער ברוק, איבער שטיין
פון בוים
שרייט אַרום דער געוויין
און פון פעלד
און פון קינד.

פון בייט און פון וואַלד
קוקט אַרום דיין געשטאַלט
צעפינקלט אין פיין
און דערציילט:
איך בין דאָ,
איך בין דאָ.

— אין בלויקייט פון באַגינען
דיין אייביקייט איך וויל געפינען.

באהבה —
לייען איך היינט דאָס ליד
פון דער גאָלדענער פּאַווע.

ווער האָט דאָס ליד געשריבן?
מיט האַרץ, מיט וויי און צער.
התלהבותדיק און היציק.
מיינע גרויסע קאַמעראַדן
משה לייב און מאַנגער איציק.
באהבה —
לייען איך היינט דאָס ליד
פון דער גאָלדענער פּאַווע.

די גאָלדענע פּאַווע
דורך טייכן און בריקן,
דורך לענדער און חורבות,
אַ גרוס היינט מיין יִידישן וואָרט
איך טו שיקן —
באהבה —
לייען איך היינט דאָס ליד
פון דער גאָלדענער פּאַווע.

פלי־זשע מיין גאָלדענע פּאַווע,
פלי פון ראַנד צו ראַנד
און טראָג מיין גרוס פון העברעיִש לאַנד
פריי פון קאַנט צו קאַנט.

# אַ ליד

מײַן טאָכטער — רחל

ווי היט מען אויס דיר, קינד מיינס, פון דעם אומעט.
ווי היט מען אויס דיין ציטער
אין געוויטער.

ווי היט מען אויס דיין הימל פון די כמאַרעלעך פאַראומערטע.

וואָס טוען היינט די געלע בלעטער אין מיין גאָרטן?
קינד מיינס, גיי אַרום־אַרום
און קוק ניט דאָרטן.
געלע בלעטער דערציילן מעשהלעך פון אומעטיקע ביימער.

קינד מיינס —
דיין טאַטע איז אַ טרוימער.

ס׳האָט אַ וואַסערפאַל אין אונדזער גאָרטן זיך דערקייקלט
און אָן אַ סך פאַרוואָסן
אויף די בייטן
וואַסער צעגאָסן
און אַ שמייכל.

קום געניסן
פון דעם פליסן.

דיין טאַטע איז אַ טרוימער
און וויל אַז זיין קינד
זאָל אַלע סודות וויסן...

וויפֿל קוואַלן ריזלען פֿון נשמהדיקע גרונטן?
וויפֿל טרערן
אין די טיפֿקייטן פֿון נאַכט?
וויפֿל ווּנדן
און געפֿאַרן
טאָג איין טאָג אויס
אויף די שוועלן פֿון דיין הויז
ווען נאַכט געוועלטיקט איבער וועלטן?

אַלע שוואַרצאַפּלען, ווי זונפֿאַרגאַנג, שפּייען שטיקער בענקשאַפֿט
אויף חרובע נעכטנס.

וואַלגערן זיך האַרבסט-בלעטער
אין דיינע ד׳ אמות
און וויינען ווי אַלע מאַמעס
אויף דער וועלט נאָך טויטע זין.

וויפֿל קוואַלן רייסן זיך פֿון דיין לייב-און-לעבן,
פֿון דיין וואָרט?
וויפֿל שעה׳ן אָנגעטרונקענע מיט שיין
פֿליסן אין דיין ליד אַריין?

ליד. קוואַל.
איז דיין אייביקייט אַן אמת
און קיינמאָל וועסטו שטאַרבן?

## אַזוי גלייב איך

אַזוי גלייב איך:
אין מיין סידורל וועט זיין פֿאַרשריבן:
ביזט דערגאַנגען, ביזט דערגאַנגען.
מיט אַלע קלאַנגען
און געזאַנגען
צו אַלע ימען — און אויפגעקליבן
פֿאַר דיר כוואַלעלעך פרייד.

אַזוי גלייב איך:
אין דיין סדרה וועט זיין פֿאַרצייכנט:
אַלץ וואָס האָסט געפרעגט
און געספקט אויפן וועג
און שטעג
האָט דיין לעבן פּותר חלום געווען
און קלאָר פֿאַר דיר אַלע צירופים, אַלע צייכנס.

אַזוי גלייב איך:
אַ פסוק אויף די טאָוולען פון דיין תנ"ך:
אַ רוּיִקער ביזטו אָנגעקומען אויף דיין שליאַך.
אויף דיין האַרבע שאלה: מה מליל?
האָט דיין ליד געענטפערט און דערציילט:
מאָרגן וועלן אַלע זונען לייכטן אויף דיין שוועל.

# איך קאָן אים

אַ מאָל כליפּעט אין מיר זיך פּאַנאַנדער
אַ מענטש מיט קנייטשן אין פּנים.
פון וואָגל, פון ווייטיקן וואַנדער
געקומען איז ער —
און דוכט מיר — איך קאָן אים.

אין האַרצן — אַ בינטעלע שטערן,
אין אויגן — צעלויכטן מנורות.
אין שוואַרצאַפּלען פינקלען צוויי טרערן
און טיפער אין אים — אַלע מורא׳ס.
דוכט מיר — איך קאָן אים.

דער שטורעם קומט אים אַנטקעגן,
אַ ווינט קלאַפּט אָן אויף זיין דאַך.
אַ מעשה דערציילט ער דעם רעגן,
אין ווינטערדיקער נאַכט איז ער וואַך.
דוכט מיר — איך קאָן אים.

פון בענקעניש איז ער צעניגונט,
תפילה און וואָרט אויף די ליפּן.
אין חלום זיין לעבן פאַרוויקלט
אין דמיון די טעג זיך פאַרקניפּן.
דוכט מיר — איך קאָן אים.

זיינע לידער וויינען און שרייען,
שווייגן ווי אומעט, ווי צער.
געפיל פאַרבונדן מיט רעיון
שלווה פאַרקניפּט אין געפאַר.
דוכט מיר — איך קאָן אים.

נאָך היינט קען ער קיינעם דערציילן
אַ סוד וועלכער עקבערט אין טיפן.
זיינע ווערטער ער פּרוּווט צעטיילן
דעם פּויער, דעם פישער, דעם מאַטראָס אויף די שיפן.
דוכט מיר — איך קאָן אים.

פּרוּווט ניט באַנעמען, פאַרשטיין,
ווער איז אָט דער נאַקעטער בוים.
ער וויל ניט פאַרשווינדן, פאַרגיין,
ווייל זיין ווייב, זיינע קינדער, זיין היים,
האָבן ליב זיין חלום, זיין פּנים —
און דוכט מיר — איך קאָן אים.

# אַמאָל דוכט זיך מיר

אַ מאָל דוכט זיך מיר: איך בין אַ שטילער טייך
וואָס פליסט אַזוי פון ברעג צו ברעג
און ברענגט זיין לויטערן געזאַנג
אויף יעדן וועג.

אַ מאָל דוכט זיך מיר: איך בין רויִק ווי אַ בוים אין טיפן זומער,
ווי די זון וואָס לאַכט אַראָפּ פון אויבן
און ברענגט מיין האַרץ אַ פולן קאַרב
מיט ברכות און מיט לויבן.

אַ מאָל דוכט זיך מיר: איך בין ווי דער מאָרגנפרי,
צופרידן מיט דער וועלטישער יצירה,
און ברומקע אונטער שאַ און שטיל
אַ שהריתדיקע שירה.

נאָר פלוצלונג — כ׳ווייס ניט וואָס איז דאָ געשען,
האַמערס קלאַפּן אויף קאָוואַדלעס
איך בין אין ווילדן שטורעם, ווי אַ שיף, געפאַנגען.
פאַרשנייטע סטעפּ געזאַנגען.

און איך מיט מיין אומרויִקן וואָרט,
ווי אין שטורעמדיקן ים די שיפן.
און שליידערט זיך אין טיפן.

וואַרפט מיין חלום זיך אין הויכן
אַ מאָל דוכט זיך מיר: איך בין אַ שטילער טייך.
אַ רגע רו. צעשמייכלט.
נאָר ווייסן ווייס איך: ס׳איז אַ ליגן —
כ׳קען עס קיינמאָל ניט באַגרייפן מיטן שכל.

# אַ װוּנדער

אין יעדערן פֿון אונדז באַזונדער
שטעקט אַ גרויסער װוּנדער.

צווישן אייזן און קאָװאַדלע איינגעקלאַמערט
אונדזער װוּנדער ליגט און שרײַט.
עס פֿאַלט אויף אים אכזריותדיק
געקלאַפּ פֿון האַמער.

ווערט דער מזרח רויטער.
ווערט דער חלום לויטער.
ווערט דער װוּנדער ריין, אָן פּגם
און גייט אַװעק מיט שקיעות
טובלען זיך אין ים.

אין יעדערן פֿון אונדז באַזונדער
שטעקט אַ גרויסער װוּנדער.

איך ווייס ניט ווי דער װוּנדער הייסט,
ווי זיין נאָמען,
פֿון װאַנעט קומט ער אָן,
פֿון בערג, צי גאָר פֿון טיפֿע תהומען,
פֿון דיין שטומעניש, צי פֿון דיין וואָרט.
ער קומט און גיט צו וויסן:
אויף יעדן אָרט
דער געוויסן
אין יעדערן פֿון אונדז באַזונדער
איז דער װוּנדער.

רײם אויף דײַן שטומען שװײַגן,
זע:
װי אַ סנה
ברענען אַלע װאָרצלען.
װי אַן עמוד אש — לויכטן אַלע צװײַגן.
אַלע קװאַלן פֿון די טיפֿענישן
זינגען שירה:
װי גרויס דער נס
פֿון אונדזער טראָט.
װי גרויס דער נס פֿון אונדזער װאָרט.
אין מידע טעג

זוך לויטערקייט אין שקיעה.
זוך פּשטות אויך אין סודותדיקן ים.
בענטש מיט פֿלאַם
די מי
פֿון יעדן פֿויער אויפֿן פֿעלד.
גלייב:
ס'װעט קומען אַזאַ שעה
און אַלע אויגן װעלן פֿול זײַן מיט לויטערדיקע לידער.
יעדער טראָט װעט אָפּקלינגען אויף אַלע װעגן:
לחיים, באַרג און טאָל, ברידער, מײַנע ברידער.

# איך בין היינט אַ פרעגער

איך קען היינט ניט זיין קיין באַווייזער.
איך בין היינט אַ פרעגער.
זאָל היינט מיין טרויער ווערן איידעלער, ריינער,
ווי דער לאַסט פון אַ טרעגער.

איך בין היינט אַ פרעגער און פרעג:
ווי קומען אויף הימלען די שטערן?
כ'האָב נעכטן געזען אויפן וועג
אַ מאַרש פון די טרערן.

איך בין היינט אַ פרעגער. כ'וויל היינט פאַרשטיין:
ווי קומט אין די וועלדער די שקיעה?
כ'האָב נעכטן געהערט אַ געוויין
פון אַ ליידיקער פעטליע, אַ תליה.

איך בין היינט אַ פרעגער. כ'וויל וויסן
ווער האָט מיינע פויגלען פאַרטריבן,
די בלומען אין גאָרטן צעריסן,
דער צער אין מיין צימער פאַרקליבן.

איך בין היינט אַ פרעגער מיט אומרו באַוואַכט:
פאַרוואָס איז מיין קוואַל היינט פאַרטריקנט?
מה מליל? וואָס דערציילט היינט די נאַכט?
וואָס דערציילט היינט מיין תפילה, מיין ניגון?

איך קען היינט ניט זיין קיין באַווייזער.
אויף גאַסן איך הער היינט מיין טראָט.
עס זינגען אויף ברוקן די שטיינער.
אַ פרעגער מיט מיר איז אויך גאָט.

לידער זינגען אַרויס פון מיר, ווי וואַסערן אין ברונעם.
איך ווייס ניט, פון וואַנעט זענען זיי געקומען.
אפשר אין די קינדער־יאָרן איז אַ חלומל פאַרפאַלן,
קומט ער יעצט צו גיין
מיט שמחה און געוויין
און קייקלט זיך אַריין אין ליד, ווי וואַסערלעך אין קוואַלן.

ניגונים זינגען אַרויס פון מיין געמיט.
פון וואַנעט קומט צו מיר דער זמר?
כ׳קען גאָרניט אייך דערציילן פון די וואָגלענדיקע טריט.
איך ווייס נאָר: אין טיפער נאַכט בייג איך זיך אַראָפּ
מיט מיין עמער
און שעפּ, און שעפּ פון אַלע נידעריקע שטיבער
צאַפּל. חלום. פיבער.

# אַ ליד

שטילער, שטילער אָוונט,
נאָר די נשמה צעוויטערט.
ביימער שווייגן אומעטיק.
נאָר דאָס האַרץ צעציטערט.

שטילער, שטילער אָוונט.
דער הימל מאַכט די אויגן צו.
אַ טוי פאַלט צו און קושט די ליפּן פון דער ערד.
נאָר איך און דו אין בענקעניש נאָך רו.

דער וואַסערל אַרום מורמלט שטיל אַ תפילה.
דער מורמל רייסט זיך אין מיין ליד.
שטילער, שטילער אָוונט,
מיד בין איך, מיד.

אַ זינגענדיקע נאַכט אויף מיין בלאָער שויב.
אַ הלום. אַ דערמאָנונג. אַ מחשבה וויל די וייטן איבעריאָגן.

שטילער, שטילער אָוונט,
אַ נאַכט וויל אַנטלויפן אין פאַרטאָגן.

שטילער, שטילער אָוונט,
איך קען דיין שטילקייט ניט פאַרטראָגן.

## די שיפן זענען היינט ניט אָנגעקומען צו די פּאָרטן

די שיפן זענען היינט ניט אָנגעקומען צו די פּאָרטן.
עמעצער האָט דערציילט
אַז דאָרטן
אין די ווייטן
האָבן קאַפּיטאַנען פאַרלאָרן
זייערע יונגע ברויזנדיקע יאָרן.

דער ים האָט ברוינע גופים איינגעשלונגען
קיינער האָט ניט געזען,
קיינער האָט ניט געהערט
ווי פונקען
פון זייער אויפברויז
האָט אונטערגעצונדן די ערד.

און אויף דער ערד
יונגע אבלדיקע פרויען.

די שיפן זענען היינט ניט אָנגעקומען צו די פּאָרטן.
דער ווינט האָט הין־און־צוריק
געבראַכט צו אַלע יונגע אַלמנות
אַ גרוס.
אַ בליק
פון שטראָמען.
פון טיפקייטן. פון תהומען.

נאָר די יונגע פרויען האָבן געוואָיעט צוזאַמען מיטן ווינט.

די שיפן זענען היינט ניט אָנגעקומען צו די פּאָרטן.
נאָר די טרערן

זענען אָנגעקומען אין די אויגן.
נאָר די שטערן
האָבן מיטגעווײנט אין הימלען.
נאָר דער צער
האָט אַרויסבאַגלייט
די פרייד
און קיינער אויפן ים איז ניט פאַרבליבן.

אַזוי האָב איך געפונען אין אַן אַלטן ספר פאַרשריבן:
די שיפן זענען היינט ניט אָנגעקומען צו די פאָרטן.

## אַ וואַלד מיט חלומות

אַ וואַלד מיט חלומות.
אַ וואַלד. אַזויפיל ביימער,
אַזויפיל אימה׳ס.
אַ בלאַסער טאָג וואַרפט זיין אומרויִקן שאָטן
צווישן צווייגן.
(עפּעס איז מיר ניט געראָטן
היינט,
ניט מיין ליד
און ניט מיין שווייגן...
ס׳טרעפט אַ מאָל אַזוינס אין לעבן,
ס׳טרעפט...)
און אין מיטן —
אַ מענטשעלע, ווי אַ קינד,
ווי אַ רוח,
ווי אַ ווינט —
פאַרטראַכט, אין האַרץ אַ ליד מיט טויזנט בלויע גראַמען:
אַ וואַלד מיט חלומות.
אַ וואַלד מיט טויזנט שטאַמען —
און האַרבסט — האַרבסט אַרום.

וויינען בלעטער אויף די ביימער.
האַלט דעם אָטעם איין.
די וועלט האָט היינט באַשלאָסן
אויסלעשן די שיין...

און אין מיטן —
אַ מענטשעלע פאַרטראַכט:
ווער וועט אויסהיטן
מיין קינד פאַרנאַכט?...

# מן הסתם

דער ספר החיים פון מאָרגן —
זיין סוד
אַזוי אומרויִק
אין טיפקייטן פאַרבאָרגן.
קיינער ווייס ניט ווו,
קיינער ווייס ניט ווען,
קיינער ווייס ניט וועלכער שיכור
וועט רייסן שטיקער
פון מיין וועלט.

נאָר איך —
גלייבן גלייב איך אַז פאַראַן
דאָרט עמעץ ווער,
וואָס געדענקט: את קשתי נתתי בענן...
און מן הסתם —
וועט זיין טרער
אויסהיטן מיין שטאַם...

## ביז די זון וועט קומען צו מיין שוועל

די זון־שקיעה אַנטקעגן פּענצטער
ווי אַ מלכותדיקע קרוין.
איך אַליין
זינג
און זינגען וועל,
ביז די זון וועט קומען צו מיין שוועל.

גאַרבן ליכט רייסן זיך אַריין אין חדר
ווי אַ שטורעם ווינט.
איך — מיט ליכט און זון
פאַרשפּינט
וועל אַרויס אויף ברוק אין מאַרק
און שרייען הויך — קוקט:
ליכט קלעטערט אויף מיין באַרג.

נאַכט אַנטלויפט און אויפן מאַרקפּלאַץ
צווישן מאַסע מענטשן געענדיקט זיך דאָס שפּיל
איך — שטיל
מיט האַרץ. מיט פייער
זינג אַ ליד — מיין שטייער
דעם מאָרגנדיקן טאָג.

# אַ בוים אָן בלעטער

אַ בוים אָן בלעטער, אָן אַ מינדסטן שאָטן
האָט אין יתומקייט פאַרזונקען
און פאַרשוויגן.

האָבן צוויי פאַרליבטע אויגן
לעם דעם בוים זיך דורכגעוווּנקען,
האָט דער בוים אַנטפּלעקט:
ער האָט אַ ניגון.

ליכט און ליכט און ליכט
פון צוויי פאַרליבטע מענטשן.
הימל,
קענסט מיין קרוין אָן בלעטער
היינט מיט דיינע שטערן בענטשן.

# מיר גלויביקע זוכער

טאָג־איין, טאָג־אויס פּיקט מיין שנאָבל,
ווי אַ פויגל אויף די וועגן,
וואונדערלעכע קערנער.
ווער האָט זיי צעשאָטן אויף דער ערד?
ווער האָט זיי געוואָרעמט און גענערט?
ווער האָט זיי אויף אַלע ברעגן
פון דער וועלט
באַוואַסערט,
באַזוניקט, אַזוי ליכטיק־שטראַלעדיק באַהעלט?
ווער האָט זיי אין גרויסן קריג
מיט דערנערדיקע צאַמען,
אַ ליריש ליד, ווי ביי אַ וויג
געזונגען שטיל,
ווי ס׳זינגען דאָרט אויף אַלע ימען
קאַפּיטאַנען
אויסגעבענקטע;
ווי ס׳זינגען דאָרט די פּאַסטעכער
אויף לאָנקעס?

טאָג־איין, טאָג־אויס פּיקט מיין שנאָבל
וואונדערלעכע קערנער.
אויגן אויפגעריסענע אין וייטן, טרינקען פולע עמערס
פון די קוואַלן.
באַוואַסער איך די קערנער
מיט די שטראַלן
פון דעם טאָג;
מיטן חלום, מיטן וואָר
פון מיין איינגעשפּאַנטן דור
אין פייערדיקע דוהעס.

העי, העי, שמידער ביי מאַטאָרן,
צעבלאָזט דעם פייער אייערן, צעבלאָזט
איר טאָרט קיין פייער היינט נישט שפּאָרן.
העלפט די מידע וואַנדערער
אויפקלייבן די קערנער, אָפּוועגן די מאָס
און אַרויסגיין אויף אַלע וועגן פון דער וועלט
אין גרויער ערד, אין ליכט פון אייערע מאַטאָרן
ווונדערלעכע קערנער טיף פאַרזייען.

העי, העי, איר אַלע וואַנדערער, איר אַלע זוכער
פון אַ היים.
בלאָזט אויף דעם גלויבן אייערן, בלאָזט אויף
רייסט אויף אייער אומרויִקן, צערפולן געוויין.
שטרעקט אויס אַ האַנט
אין בלויע הייכן:
אַ גוטער חלום דאָרט פאַראַן — — —
דאָרט זוכט דער טאָג מיט זונען־שטראַלן
זיינע קערנער
אויף דער ערד.
דאָרט זוכט דער חלום זיינע קוואַלן
אין די טיפן.
צעבלאָזט דעם גלויבן אייערן, צעבלאָזט.
ס׳איז דאָ נאָך וואָס... ס׳איז דאָ פאַר וואָס...

קערנער מיינע, ווונדערלעכע קערנער.
אין אייער זכות
איז ברויט פאַראַן
און פאַר מיין פּוס
אַ שפּאַן...

און ווער ס׳פאַרמאָגט אַ הויז מיט נידעריקע שויבן
און ווער אַ האַרץ פאַרמאָגט
אויסגעבעט מיט קינדערישן גלויבן...

און ווער ס׳פֿאַרמאָגט אָט אַזוי זיך גלאַט
אַן אָרעמען כאַלאַט.
אַן אָפּגעריסן העמד,
ברענגען זאָל ער אַלץ אַהער:
מיר נעמען אויף אַ ליד, אַ וואָרט, אַ טרער,
מיר זוכער פֿון
ווּנדערלעכע קערנער אויף דער ערד.

## ס׳איז אַ זכיה

ס׳איז אַ זכיה
שטיין אַנטקעגן ים
און אויסזינגען אַ ניגון
מיט דער שקיעה.

שטייט אַ מענטש מיט אַ זעג אין האַנט —
אַ זעגער.
שטייט אַ מענטש מיט אַ שטריק אין האַנט —
אַ טרעגער.
מיט אַ ביקס אין האַנט —
אַ יעגער.
מיט אַ פּען אין האַנט —
אַ דיכטער.
אַ וועקער.

ווי קען דען אַנדערש זיין
אַז דאָ,
אין אַ שטילער שעה
קוקט אַראָפּ די שקיעה און דערמאָנט דיר
אַ זכרון:
קורצע דיינע יאָרן.

און דערנאָך —
שטייט אַ מענטש מיט אַ פּען אין האַנט,
און זינגט פון יום־טוב און פון וואָך,
פון אַ טרער אַ פאַרגנבעטע אַרום דיין וויִע
און פון שקיעה
אַ דערטרונקענע אין ימען.

האָב איך היינט געוואָלט
אַז גאָלד
זאָל צאַפּלען זיך אין זון פֿאַרגאַנג
און ניט וויי.

האָב איך היינט פֿאַרלאַנגט
אַז קלאַנג
און ניגון
זאָלן ציטערן אין רויטקייטן פֿון זונען
וועלכע קומען טרינקען סודות פֿון די ימען.

וויל איך היינט
אַז שקיעה
זאָל זיך גראַמען מיט זכיה
און ניט מיט תליה
און איבער אַלע אויפֿגעשטורעמטע געמיטער
זאָל דאָס וואָרט פֿון גוטן דיכטער
זיין דער היטער.

איינע פֿון די גרעסטע זכיות:
מתפּלל זיין מיט שקיעות
ביי ברעגן פֿון כוואַליעדיקע ימען.

# געהיט און געוואַרט

איך אַליין האָב די קערנער פּאַרזייט און פאַראַקערט.
איך אַליין האָב די בייטן באַוואַסערט.
געהיט מיינע פעלדער פון שטורעם, פון שניי און פון פלאַקער.
איך אַליין, ווי אַ הונט,
(אין שפּיגל געזען מיין פּנים ווערט בלאַסער און בלאַסער)
געהיט און געוואַרט —
אַז די טרערן
זאָלן פינקלען אויף זוניקע בייטן
ווי שטערן.

געהיט און געוואַרט.
כ׳האָב געזאָגט צו די טויען:
איך גלייב אייך. אייך כ׳וועל פאַרטרויען
מיין זוניקן גאָרטן.
אַ דאַנק אייך וועלן וואַקסן און בליִען
פרוכטן פון אַלערליי סאָרטן.
נאָר וואָס איז געשען און וואָס האָט געטראָפן?
די טויען — אַ טרוקענער ברונעם.
אַ דאָרן — מיין פלאַמיקער האָפן.

געהיט און געוואַרט.
געזאָגט צו דער זון: דיר גלייב איך.
אַ דאַנק דיר אויף די בייטן זוניקע פריידן.
נאָר וואָס זאָל איך זאָגן —
און וואָס זאָל איך ריידן —
דורשטיק מיין פעלד. ניט באַוואַסערט.
טרוקן מיין גאָרטן.

געהיט און געוואַרט.
געזאָגט צו דער נאַכט: דו פאַרשטייסט

אַלע מענטשלעכע טרערן.
דו ביסט גרעסער פון טאָג און שטאַרקער ווי זון.
אויף דיינע נאַכטיקע פליינען
כ'צינד אָן מיין לאַמטערן
און קוש אויס מיינע אַלע געוויינען.
נאָר ווי. וואָס זאָל איך זאָגן:
ס'האָט זיך די נאַכט צו דעם מאָרגן דערשלאָגן
און נייע פאַרטאָגן —
טרוקן און דורשטיק מיין פעלד.

האָב איך געזאָגט צו דעם מענטש:
נאָר דיר מיינע פעלדער כ'פאַרטרוי.
ניט דער זון. ניט דעם טוי.
דו האָסט זיך אין מיטן פון פעלד היינט געשטעלט
מיט עקשנות די פיס אין דער טיף,
מיט וואָרט און אַחריות פאַר גאָט און פאַר וועלט:
אויף מיין פעלד וועט וואַקסן מיין ברויט.
דו האָסט דעם גאָרטן מיט ווערטער געמוטיקט,
מיט טיפער מחשבה פאַרבלוטיקט,
מיט אַ נישט געשפּאָרטן טראָט —

אָ, גאָט,
מיין גאָרטן וואַקסט און בליט.

# אַ ליד דאַרף זיין...

אַ ליד דאַרף זיין אַ נעסט
פאַר דיינע מידע גלידער;
אַ וואָרט דאַרף זיין פאַרמעסט
פאַר ווייטערדיקע לידער.

אַ חלום דאַרף זיין פייער
פאַר דיין מידן גוף;
דיין פרימאָרגן — אַ באַנייער
אַ דמיונדיק אַ רוף.

דיין סוד דאַרף זיין אַ טויער
אַן אָפענער און ברייט;
פאַרפאַר אין אים מיט טרויער,
מיט זריעה אין זיין בייט.

דיין ציטער — ווי אַ בוים צעבליט,
ווי אַ ליכטיקער באַגינען,
ער זאָל זיין כולו ליד,
זאָלסט זיך אין אים געפינען.

מיט מזמור אין דיין האַרץ,
דיין טאָג — אַ גוטער גייער
דו אַליין — פאַרזייער
אויך אויף אַ דאָרן אַ פאַרדאַרטס.

אַ ליד דאַרף זיין אַ רעגנבויגן,
אַ ליד דאַרף זיין אַ גלויבן —
און קלאָרע ראיה פון די אויגן,
זען אויף וועגן אַלע שטויבן.

אַ ליד — ווי טויזנט טויען,
אַ ליד דאַרף האָבן פליגל,
אַ וואָרט דאַרף זיין חזיון
פון אַ פייערדיקן עיגול.

# מײַנע אַלטע גוטע פֿרײַנד

גאָט,
נעם נישט צו פֿון מיר מײַנע אַלטע גוטע פֿרײַנד:
די קלוגע אויגן פֿון דעם טאָג,
די טיפֿע קנײטשן פֿון דער נאַכט,
דעם קינדערשן געלעכטער פֿון פֿאַרטאָג —
און אַלץ וואָס טוט זיך דאָ אַרום
און אומעטום. —

גאָט,
נעם נישט צו פֿון מיר מײַנע אַלטע גוטע פֿרײַנד:
דעם בוים וואָס וואַקסט און רײַסט זיך ווי אַ פֿלאַם
אין הויכן,
די כוואַליעס פֿון מײַן ים,
די סטעזשקעלעך וואָס ווילן אַלע ברײטע וועגן אָניאָגן, דערגרײכן,
די פֿײַכטע אויגן פֿון אַ מאַמען
און אַלץ צוזאַמען:
מײַנע אַלטע גוטע פֿרײַנד.

גאָט,
הערסטו נישט אַ זעג אין וואַלד
שרײַט געוואַלד?
הערסטו נישט אַ בײַטש וואָס קנאַלט
און פֿאַלט
מיט אימפּעט אויף אַ לײַב?...

גאָט, נעם נישט צו פֿון מיר די קלוגע אויגן פֿון דעם טאָג.

# ש נ א ה

פון פינצטערע עפּאָכן
ביסט ווייטער דאָ אהער געקומען.
מיט שנאה איז דיין וואָרט פאַרשטאָכן
און מיט גאַל.

געמיינט: זון אויף אַלע וועגן.
די פאַרטאָגן
רייסן זיך אין הויכן.
נאָר פלוצלינג ביסטו ווייטער דאָ.
ווער קען דיין אויסגעלאַסנקייט פאַרטראָגן,
ווער קען דיין קראַקען ווי אַ קראָ
פאַרדייען.

געמיינט: אויף די טורעמס וועלן גלאָקן
קלינגען: בים און באָם —
ווי אַ פריילעכע ציגיינערשע קאַפּעליע.
נאָר פלוצלינג ביסטו ווייטער דאָ און צעשראָקן
האָסטו מיינע ברידער, — ווי אַ שטראָם
פאַרכוואַליעט מיינע אויסגעבענקטע מאָרגנס.

ווער ביסטו פאַרקריפּלטע געשטאַלט?
ברידער מיינע לויפן
ווי חיות געדרודפטע דורך יעגער אין אַ וואַלד
און גראָבן זיך אין טיפן ווי אַ וואָרעם —
דו שאָטן פינצטערער, דו גראָבסט שוין נייע קברים?

שנאה פון דער וועלט צו מיינע ברידער,
ביסט ווייטער דאָ מיט האַק און זעג פאַריאָכן.
ביסט ווייטער דאָ, דו גלאָקן־קלאַנג פון פינצטערע עפּאָכן,
מיט גאַל און רשעות איז דיין וואָרט פאַרשטאָכן.
נאָר אויך אין מיר האָט אויפגעברויזט די שנאה ווי אַ ים
און לעבן כ׳וויל, ווייל לעבן וויל מיין שטאַם.

# איך דערמאָן זיך

איך דערמאָן זיך —
פעלדער גרינע. אויף זיי בּאָרוועסע שיקסעס
אין ווייסע העמדער.
אין די הויכן
אַ הימל אַ פרעמדער.

און איך: פאַרקוקט ווי זון פאַרגייט
אויף פעלדער גרינע
און מורא געהאַט:
פאַר טויטע.
פאַר מינעס.

די פאַרנאַכטן אויף יענע פעלדער גרינע
האָבן געוויינט מיט אַ באַזונדער געוויין
און אין מיר —
דער פּחד פון אונטערגיין.

בין איך געשטאַנען פאַרשיכורט
ביי ראַנדן פון פרעמדע הימלען
נאָר שטיקער
פון מיין לעבן האָבן זיך געוואַלגערט אין באָרוועסן דרויסן.

האָב איך אין איינעם אַ טאָג
אויפגעקליבן מיינע ניגונים
און אַוועק קיין באר שבע
צו מיין אורזיידנס ברונעם.

# עמעצער האָט מיר צוגעזאָגט

עמעצער האָט מיר צוגעזאָגט,
אַז ער וועט נעמען מיין וואָרט,
מיין חלום
און איבערפירן מיר דאָרט
ווו מענטש זינגט זיין ליוב-געזאַנג
צו מענטש.

עמעצער האָט מיר צוגעזאָגט,
אַז ער וועט נעמען מיינע טרערן
און ברענגען זיי צו ימען,
אויפהענגען טרער נאָך טרער
ווי אַ בינטל פלאַמען
אויף צאַפּלדיקע שטערן.

עמעצער האָט מיר צוגעזאָגט,
אַז ער וועט מיין ליד אַרויספירן אין מאַרק,
אויסזינגען הויך
און פאַרחתמענען דעם אָפּהילך פון טאָל און באַרג
פאַר קינדער וועגן.
ווען זיי וועלן דורשטיק זיין
זאָלן זיי טרינקען טראָפּנס פון מיין רעגן.

עמעצער האָט מיר געזאָגט.
טעג טונקלען זיך און פאַרשווינדן
ווי פאַלשע לידער.
נעכט ברענען און צינדן
אמתן.
און איבער אַלץ און אַלעמען מיין מאַמעס וואָרט
ווי אַ רעגנבויגן,
ווי זומערדיקע אויגן.

עמעצער האָט מיר געזאָגט...

# דער נאָטן־שרייבער פון מיינע לידער

אַלע לידער מיינע
דורך שטעכל דראָטן
פון האַרץ
זוכן זייער ניגון
און דעם אויפשרייבער פון נאָטן.

קומט דער ווינט און זאָגט:
איך וועל שרייבן.
קומט אַ כמאַרע
צו פאַרטרייבן
— אַלע בענקשאַפטן
בלייבט דער נאָטן־שרייבער אומעטיק און בייז.

קומט אַ רעגנדל און זאָגט:
איך וועל אויפקלייבן אויף בייטן אַלע דיינע קערנער.
באַוואַסערן די בייטן טראָפּ נאָך טראָפּ.
קומט צולויפן דער באַראַן מיט די הערנער
פון יצחקס עקדה,
קוקט אַרויף און קוקט אַראָפּ
— און אַנטלויפט
ווערט דער נאָטן־שרייבער אומעטיק און בייז.

קומט אַ ייִד פון יענער וועלט.
אויף טויטע גופים גייט ער.
מיטגענומען מיט זיך יעקבס לייטער
און זאָגט אַזוי צו זאָגן:
איך וועל זיין דיין נאָטן שרייבער:
איך קען וויינען. איך קען קלאָגן.
און זאָגט: טאַטע!
קומט צוגיין אַ שמייכל פון מיין קינד
ניט אַ טויטער ייִד וועט זיין דיין נאָטן שרייבער
ליבערשט שוין דער ווינט.

# אַ ל י ד

איך ווייס ניט ווי אַזוי,
איך ווייס ניט פאַר וואָס,
היינט איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ גראַס:
הזכרה
און מיין טאַטנס עטרה — —
און דאָס האַרץ איז פול געוואָרן ווי אַ ים.

איך ווייס ניט ווי אַזוי,
איך ווייס ניט פאַר וואָס,
היינט איז מיין וועג אַ וואָרט פאַרלאָפן:
און מיין מאַמעס מראה
אַ כמאַרע
האָט אַ חלום פול מיט פאַרדרוס
ניט געלאָזט מיר איינשלאָפן.

איך ווייס ניט ווי אַזוי,
איך ווייס ניט פאַר וואָס
צופוסן
זענען צוגעפאַלן מיט געוויין
אַלטע גרוסן
און מיין ליד האָט אָנגעהויבן גראַמען:
אַ קעפל
און אַ צעפל,
מיין שטאָם
אויף פייער-פלאַם.

אָ, גאָט מיינער,
ווי לאַנג נאָך וועלן יִדישע גראַמען
זיך לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט
און גראַמען זיך מיט:
ט ו י ט .

# אין ספר קוק אַריין

אין ספר קוק אַריין:
אפשר ליגט דאָרט דער סוד פון דיין זיין.

פון דיין אומעט, דיין שמייכל און טראָט,
פון דיין כפירה און גלויבן אין גאָט,

פון דיין צעפּלען זיך איינער אַליין
אין פאַרנאַכטן מיט האַרבסטיק געוויין,

פון דיין פרייד מיטן טייך, מיטן פעלד
פון דיין עכאָ וואָס קלינגט אָפּ אין וואַלד —

אין ספרים דו זוכסט דיין באַשייד
פון שמחה און צער אין די רייד —

פאַרקוק אין דעם ספר פון פּיין
דאָרט ליגט דער סוד פון דיין זיין.

# צי ווייסן?

צי ווייסן די וואָרצלען פון וואַנען זיי שטאַמען
צי קענען די קינדער די הימלען, די שטערן,
באַנעמט דען דער פייער געשריי פון די פלאַמען,
צי ווייסן די מאַמעס וואָס זויגלינגען קלערן?

פאַרשטייט דען מיין גאָט וואָס עס טוט זיך אין ספערן,
און דיכטער — וואָס טוט זיך מיט לידער דערשטיקטע.
וואָס טראַכטן אַליין די געדאַנקען ווען זיי ווערן
אין תוהו פון וועלטן פאַרוויינטע, באַזיגטע?

פאַרשטייט דען דער פויער דעם צער פון דעם זאָמען,
פאַרזונקען אין חושך פון בייטן אין טיפן.
צי ווייסטו, מיין לעבן, ווי ס'זינגט פון תהומען
דיין יעטוועדער טאָג, ווי פאַרזונקענע שיפן?

צי ווייסן די ווינטן דעם אומרו פון שרעקן,
ווען פייפנדיק גייען זיי דורך און זיי דראָען,
צי ווייסן די סטאַדעס ווער דראָט אויף די וועגן
באַטרונקען מיט רצח, באַזויפטע מיט שגעון?

צי ווייסטו, מיין לעבן, וואָס איז נאָך פאַרבליבן
אויף יענער זייט שרפה, אויף חרובע וועגן?
אַזויפיל געשווינגן. אַזויפיל געשריבן.
דיין טאָג איז נאָך אַלץ אונטער שאַרף פון די זעגן.

## היינט ווי נעכטן

היינט ווי נעכטן — ס׳איז דער הימל ווייטער בלאָ.
כ׳גלייב אַזוי וועט זיין טאָג־איין, טאָג־אויס.
ס׳וועט דער טאָג אַ קוש טאָן מיין רגע און מיין שעה
און אויסשטעפּן מיט זילבער־שטעפּ מיין הויז.

היינט ווי נעכטן — ס׳וועט דער אָסיען ניט פאַרמינערן מיין פרייד,
און מיין ניגון אָט אַזוי זיך סתם,
וועט צעוויגן זיך און זוכן זיין באַשייד,
ווי ס׳זוכן כוואַליעס זייער רו אין ים.

היינט ווי נעכטן — כ׳וועל זיך ברידערן מיט ביימער און מיט וואַלד
און אויסשטרעקן די הענט צו אַלע צווייגן.
כ׳וועל ווייטער גלייבן אַז אָט באַלד, אָט באַלד
געפינען כ׳וועל באַשייד צו מיין אומרויִקן שווייגן.

די וועלט זיך ווייטער גרייט צו איר געוויטער,
און איך — איך גלייב נאָך אַלץ אין בלי און שיר אויף פעלד.
איך גלייב נאָך אַלץ אַז גערעכט זענען די שניטער
און ניט הלפים־בלאַנק אויף האַלדז פון וועלט.

היינט ווי נעכטן — ליפּן מיינע אויפן שלומערדיקן קוואַל.
ווי אַ דורשטיקער איך טרינק און פיל פון קוואַל דעם טעם.
כ׳האָב פיינט דעם האַרבסט. כ׳האָב פיינט דעם בלעטערפאַל.
ליב האָב איך די ווייטקייטן פון ים.

היינט ווי נעכטן —

# ווי ווייט דער מרחק

ווי ווייט דער מרחק פֿון מיר צו מײַן זון?
ווי דער מרחק פֿון מיר צו מײַן זיידן.
און דאָך —
וואָרצלדיקע אָדערן פֿאַרקניפּן אונדז ביידן.

ווי ווייט איז דער מרחק?
נאָר קינדער און זקנים האָבן ליב זיך צו קליגן.
מיר ווייסן:
ס'פֿאַרקניפּט און פֿאַרבינדט אונדז אַ ניגון.

ווי ווייט דער מרחק זאָל ניט זײַן
בענקט דער זון צום טאַטן און דער אייניקל
צום זיידנס באַריר.
זיכער:
ס'פֿאַרקניפּט און פֿאַרבינדט אונדז אַ שיר.

וואָרצלדיקע אָדערן, אַ ניגון, אַ שיר,
אַ חלום, אַ קרעכץ, אַ תּפֿילה.
ווי ווייט איז דער מרחק?
אַ שפּאַן צו מײַן זיידנס מגילה.

מיר דאַווענער אין איין שול, מתפּללים אין איין שטיבל.
חסידיש, מתנגדיש, ווי גרויס איז דער וווּנדער.
איך און מײַן זיידע. טאַטע און זון,
דאַווענען בצוותא ווען אַפֿילו באַזונדער.

די קינדער קוקן אויף אונדז.
מיר קענען ניט אַנטלויפן
פון זייער אָפענע בלויע אויגן.
נעכטן, — מיר אַליין מיט קיילעכדיקע רייפן
איבער אויסברוקירטע הויפן —
און היינט —
פאַרקוק אין זייערע אייגעלעך אַריין
און פרעג:
ווּ ווערט פאַרלאָרן אַזויפיל צאַפּל, אַזויפיל שיין —

ווּ?

גאָט מיינער —
דער הונגער פון חלום האָט אַ מאָל געשמידט
מיין ליד.
איז אַ מאָל געווען אַ דימענט,
איז אַ מאָל געווען אַ הימן,
איז אַ מאָל געווען אַ ציטער,
איז אַ מאָל געווען געוויטער —
ווּ אין גרויסער וועלט
פאַרגייט
אַזויפיל פרייד —

ווּ?

גאָט מיינער.
איך בין אויף דיין גרויער ערד געקומען
און דיין אומרו ניט באַנומען.

די קינדער קוקן אויף אונדז
און מיר — שטומע לעמער אויף די לאָנקעס.
פאַר וואָס?

# ראָזשינקעס מיט מאַנדלען

ראָזשינקעס מיט מאַנדלען — אַ חלום פון די קינדער יאָרן.
ער לויפט מיר נאָך אין אַ גאָלדענעם שליטן.
אַ רוצחים האַנט האָט מיט האַס און מיט צאָרן
אונטערגעצונדן אַ וועלט
און לעבנס פאַרשניטן,
נאָר ער, דער חלום, פון ראָזשינקעס מיט מאַנדלען
וויל ווייטער מיט מיר וואַנדערן
און האַנדלען .

גייט מיר נאָך דער חלום. ער וואַקסט אַלץ גרעסער. גרעסער.
ער שניידט אַדורך די צייטן מיט זיין שאַרפן מעסער.
ער עפנט אויף אַלע טירן. אַלע שלעסער.
ביינאַכט — ווען דער חלום אויף מידע וויִעס גליט,
גייט ער נאָך דיר נאָך און באַגלייט דיינע טריט
מיט וואָרט. מיט ניגון און מיט ליד.

ראָזשינקעס מיט מאַנדלען. אַ חלום וואָס היט אוים מיין טרויער
ווען מיין קאָפּ ווערט גרוי און גרויער.
ער איז אייביקייט. ער איז דויער.
ער גייט אַרום אין דיין צימער, זינגט הויך אויפן קול.
ער פירט דיר אויף אַ באַרג, נידערט אין דעם טאָל
און פילסט: סודות פון אַ כישופמאַכער אָן אַ צאָל.

ראָזשינקעס מיט מאַנדלען. עס טאָגט.
אַזוי האָט מיר מיין חלום היינט געזאָגט:
איך זינג אין דיין בלוט
און גוט איז מיר אָ גוט
[illegible]יין מיט דיר אַ מהלך וועג
[illegible]יז שקיעה וועט דיין ע[illegible]ארחתמען מיט נצח.

חצות.
עס זינגט אַרויס פֿון מיר אַ נאַכט מיט שטערן
און אַ סך כעס
פֿון בייזער גאַס.

בעט איך זיך ביי דער בייזער גאַס:
לאָז אָפּ.
איבער מיין קאָפּ.
אַ שטערנדיקער הימל.
מאַמע־ערד זינגט אַ ליד פֿון וועלן און פֿון ווילן.
אַ הימל גרייט זיך לייגן תּפֿילין,
לאָז אָפּ, בייזע גאַס,
לאָז אָפּ.

קומט די בייזע גאַס און זאָגט:
איך האָב אַ רעיון:
גיס אָן דיין כוס מיט שטערן
און לאָמיר מאַכן אַ לחיים.
אויך איך, די בייזע גאַס
ווען כ׳בין פֿאַרשיכורט
מיט שטערנדיקן פֿינקל —
זע איך נאָר דעם עיקר:
פֿרייד און ליד, ווי אַ מזוזה אָנגעקלאַפּט אין יעדן ווינקל.

גיס איך אָן אַ פֿולן כוס מיט שטערן.
קוש אויס דער בייזער גאַס מיט מיינע ליפּן.
צינדט אָן אַ שטערנדל ניגונים און באַגערן,
אין לייב פֿון בייזער גאַס פֿאַרקניפּן
מיינע לידער פֿריידיקע קושן — און אַלע מיינע טרערן
ווערן לידער.

# אונטער מײַן טאַטנס קאַפּטן

אונטער מײַן טאַטנס קאַפּטן
האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ ניגון.
דער ניגון האָט געהאַנדלט מיט אַלערלײ זאַפּטן.
דער ייִנגעלע אין חדר האָט ליב געהאַט דעם אמת
און פֿײַנט געהאַט דעם ליגן.

אין מײַן מאַמעס אויגן
האָט געלויכטן אַ העלער רעגנבויגן.
האָט זיך מיר פֿאַרוואָלט
אויסקושן אירע אויגן
אויסקושן דעם גאָלד
און איבערטראַגן אים צו מײַנע קינדער.

קוק איך אײן מאָל און איך שטוין
(פֿאַר וועמען זאָל איך ריידן):
אַלע זאַפּטן
פֿון מײַן טאַטנס קאַפּטן
און דער גאָלד פֿון מײַן מאַמעס אויגן
ווילן זיך פֿון מײַנע קינדערלעך ניט שיידן.

קינדערלעך,
קושט אויס די גרויע באָרד פֿון אייער זיידן.

איך שטיי פאַרן עמוד. דער סידור פאַרמאַכט.
נאָר דאָס האַרץ, צו אַלדי רוחות, ווי אַ ניגון
וועלכער וויגט זיך אין די פאַלדן פון דער נאַכט
און פרוווט דיין מידן גוף פאַרוויגן,
רייסט אַרויס מיין וואָרט פון טיפן
און שרייט מיט קולי קולות
ווי אַלע בייזע כוואַליעס זאָלן וואַרפן זיך אויף שיפן.

דער סידור פאַרמאַכט. נאָר אַ כוואַליעלע אין האַרצן צעפלאַטערט.
כ׳וויל שטיל זיין און עפּעס שרייט אַרויס פון מיר איך ווייס
ניט וואָס.
מיד בין איך. פאַרמאַטערט
פון חלום, ליבע און פאַרדראָס.
ווער האָט היינט מיין וואָרט פאַרשטאָכן מיט אַ דאָרן?
ווער ציילט היינט איינס נאָך איינס מיינע אומרויִקע יאָרן?

מיין סידור פאַרמאַכט. אויסנווייניק דאַוון איך היינט מיינע תפילות.
אַ שטערן אויפן הימל איז מתפלל שטיל.
איך פרוּוו פונאַנדערוויקלען די מגילות
פון מיין ביסל שכל, לאָגיק
נאָר וואָגיקער ווי וואָגיק
מיין געפיל
צו וועלט, צו הימל און צו שטערן.

מיין סידור היינט פאַרמאַכט.
נאָר כ׳קען אויף אויסנווייניק אַלע מיינע טרערן.

## לויף, ווינט, לויף

לויף ווינט, לויף —
קלייב אויף די בלעטער פון האַרבסט.
ווירבל זיי אַרום ווי אַ רייף,
קיילער זיי,
טרייב די זאַמדן אויף אומרויִקע שליאַכן,
און אַליין:
לייג אַוועק דיין מידן קאָפּ
אויף שטיין
און דעק זיך צו מיט דיין געוויין.

לויף ווינט, לויף.
אין וועמען גלייבסטו? וועמען ווילסטו היינט דעריאָגן?
ס'איז די צייט
פון זיך אַליין אַנטלאָפן ווייט.
ס'איז דער פערד אַנטלאָפן פון זיין וואָגן,
ס'איז דער יִינגעלע אַנטלאָפן פון זיין ראָד,
און פון הימלען — גאָט.

לויף ווינט, לויף,
זאַמל אויף אַלע בלומען אויף דיין וועג,
אַלעביימער אין די גערטנער.
באַוויין, באַקלאָג אונדז אַלעמען אין פינצטערן געיעג,
זעסטו אַ געלעכטער קייקלט זיך אויף וועגן, לאָז אים, לאָז אים
און באַשטעל ביי מידע שטערן
אַ קדיש יתום.

לויף ווינט, לויף,
זאַמל אויף די וואָרצלען און דערצייל
יעדן וואָרצל באַזונדער:
געוועזן אַמאָל אַ ווונדער

פון אַ לעבן,
פון וואַקסן און פון בליִען,
געווען אַמאָל אַ גלויבן:
מאָרגן — — —
— — — — — —

אַלע סודות פון דער וועלט פאַרבאָרגן
אין קלינגענדיקער שטיפעריי פון קינדערלעך...
לויף ווינט, לויף
און דערציילט הויך אויף דיין פייפערישן קול:
געווען אַמאָל, געווען אַמאָל...
— — —

פאַרמאַכסט די אויגן דיינע קוים
זעסטו אין דיין צימער
אַ גוסטדיקן טרוים.

# אַ ליד

מײַן פאַניען

פון מיר צו דיר —
כ׳וועל היינט ריידן וועגן אַלע זאַכן:
וועגן ערד, וועגן מענטש, ים און קוואַל.
כ׳וועל היינט ריידן מיט שווייגנדיקע שפּראַכן
וועגן בלעטערפאַל.
כ׳וועל היינט טרינקען
פון דיין כוס, פון דיין פולן ניגון
און אין טיפן חלום זינקען.

פון מיר צו דיר.
איז עס נאָר אַ וואָרט אַזאַ, אַ ליד, אַ הימן
וועלכער צינדט מיין בענקשאַפט אָן
און גיט אַ סימן
הויך צעפלאַטערן די פאָן
פון אַלע די
וואָס זייען זייער מי
ווער האָט היינט צעוויקלט
אין בייטן טיף צעאַקערטע?

מיינע טעג און מיינע מאָרגנס?
ווער האָט היינט פון טיפקייטן
דעם ניגון פון מיין וויגל
אויסגעברומט, ווי ס׳ברומט אַ לייב זיין לייבן-ברום אין שטייג?

ווער האָט היינט אַ צייכן מיר געגעבן,
ווייטער גיין און גלייבן די קאָלירן
פון מיין הימל:
בלוי און בלוי און בלוי, — און פירן
מיינע טרערן צו אַ קוואַל?
דו. דו. דו.

# דיין גאַסט

ער איז דיין גאַסט.
גיי אַרויס אַנטקעגן אים מיט בלומען
אויף דיין הויף,
גיב אים שלום אָפּ און זאָג:
גוט וואָס ביסט געקומען.
ביסט מיין גאַסט.
קום אַרויף

קום אַרויף
ווייל כ׳קני פאַר דיר, מיין גאַסט,
מיין ייִד,
וואָס בין איך היינט אָן דיר?
ווי ליד
אָן דיכטער.
ווי פּאַסטוך אָן אַ פייפל.
כ׳דאַרף דיר האָבן מער,
ווי דו דאַרפסט מיר.

כ׳דאַרף דיר האָבן מער — — —
ווייל מיין פרייד זוכט אַן אַכסניה,
און דיין טרער
זוכט לחם עניא,
גאַסט מיינער — אַריין
און לאָמיר טרינגען וויַין
געמישט מיט פרייד און פּיַין.

# אַן אויסגעשטרעקטע האַנט

כ'האָב געזוכט, כ'האָב געזוכט דיינע האַרציקע פּאַרמעגנס
אויף שטענגן־וועגן, אַט אַזוי זיך
גייענדיק זיגזאַגיש אונטערוועגנס.

כ'האָב געפונען, גייענדיק סתם, אַן אויסגעשטרעקטע האַנט,
אַ קול,
חבריש, האַרציק, גוטמוטיק —
אַ ליכטיקער סימבאָל.

כ'האָב דערזען ווי רייך איז
אַ מענטש
ווען ער האָט אַ שייכות
צו אַן אויסגעשטרעקטע האַנט פון אַ חבר, אַ פריינט.

אַן אויסגעשטרעקטע האַנט איז אַ פלאַקער
ווען גלידער דיינע זוכן פייער.
אַן אויסגעשטרעקטע האַנט איז אַן אַקער,
וועלכע רייסט די ברוזדעס ערד
און זאָגט אָן דעם שייער
אַז מאָרגן וועלן טויזנט כאָרן זינגען אין זיינע ד' אמות.

אַן אויסגעשטרעקטע האַנט אין פינצטערע היילן —
ווי רעגנס טיילן
זייער האָב און גוטס
אויף פאַרדאַרטע פעלדער.

הייליק
יעדע אויסגעשטרעקטע האַנט.
גרויס איר חלק
אין אַ פאַרפלאָנטערטן לאַבירינט.

# ווי אַ שוואַלב אין דער פּרי

ווי לאַנג עס קלאַפּט אין טיר אַ ליד
איז דאָ אויף עפּעס נאָך צו וואַרטן.
י. י. סיגאַל

ווי שוואַלבן אין דער פּרי, אַזוי זיס,
צעזינגט זיך מיין וואָרט איבער שטיבער.
אַוודאי — און זיכער — געוויס —
אַנטקעגן אַ טאָג אַזאַ ליבער,
אָן פּלאָנטער און קלאָר ווי שטערן,
כולו חלום און כולו באַגערן.

ווי אַ בלאַט אויף אַ בוים זינגט אויס שירה,
צעזינגט זיך מיין ליד, ווי אַ טרער,
מיין זון איז כולו יצירה,
מיין טאָכטער איז כולה געהער.
איך אַליין וויל אַ סך און אַ סך
די חכמה פון וואָרט און פון שפּראַך.

דער טאָג אַזאַ ליכטיקער, מאָל אים.
אַנטקעגן אַ באַרג און אַ טאָל
פאַר קלוגשאַפט פון אַלע משלים
דיין חוב מיט ליד היינט באַצאָל
און אַלע חלומות אין הייכן
מוזסטו מיט וואָרט היינט דערגרייכן.

ווייל:
ווי לאַנג עס קלאַפּט אין טיר אַ ליד
איז דאָ אויף נאָך צו וואַרטן.

# מיר וועלן שטענדיק מיטברענגען דעם טרוים

מיר וועלן שטענדיק מיטברענגען דעם טרוים
און פאַרזייען אים אויף אַלע וועגן.

מיר וועלן אים דורכפירן דורך אַלע עינוּיים.
מיט זיין כלי־זין וועלן מיר באַזיגן אַלע גוייִם.
ווייל אייביק איז ער, איך שווער:
ווי מיין שמחה.
ווי מיין טרער.
דער ייִדישער טרוים.

דער ייִדישער חלום — אַ פלאַם.
אָער ווי אַ כוואַליע.
אַ גאַנצער ים.
מער ווי אַ נס. אַ סיני אַ גאַנצער
אַ פאַרפלאַנצטער
אין ייִדישן נצח.

דער ייִדישער טרוים.
מער ווי אַ ברויט.
אויף אַלע וועגן פאַרזייט.
שטאַרקער פון לעבן.
שטאַרקער פון טויט.
זעט אוים מסתמא
ער איז איינגעוואַקסן טיף אין דער ייִדישער נשמה
און גייט נאָך
ווי טרערן,

ווי שטערן...
כבוד אַלע ייִדישע חלומות, באַגערן.

# פאַר מיין זון

מיין בטחון איז אפשר גענוג פאַר מיר,
נאָר ניט פאַר דיר,
מיין זון.

ממעמקים —
מיט עקשנות,
מיט כוונות,
דורך טעג און וואָכן
שלאָג אין שטיין
אליין:
בטחון.

מיט דיין מאַמע־לשון עברית,
מיט דיין טאַטע־לשון יידיש,
גיי נאָך די טריט
פון די אָבות,
הייב דיין בעכער מיט ברכה,
מאַך קידוש
און גלייב:
ירושה גראַמט זיך מיט קדושה.

מיט האַרץ ציטער זאָג קדיש
אויף פאַרגאַנגענע ניגונים,
נאָר זײַ מחדש
ווען דו לאָזט דעם עמער דיינעם
אין טיפקייטן פון ברונעם.

זון מיינער. טאָכטער מיינע.
כ׳וויל הערן אייער אָמן
ניט אין זכות פון טאַטן,

ניט אין זכות פון מאַמען,
נאָר אין זכות פון אייער נאָמען,

נאָר איז זכות פון אייער זאָמען.
אָמן.
סלה.

# איך וויל אַז מיין קינד

איך וויל אַז מיין קינד
זאָל זיין ווי דער ווינט
וועלכער גייט אַרום איבער די פעלדער
און פאַרשפרייט קערנער
איבער בייטן.

איך וויל אַז מיין קינד,
זאָל מיט זיינע הערנער
פאַרפלאָנטערן זיך אין טאַטנס ירושה
און נאָכגיין זיינע טריט
און דינען שטיל דעם יִדישן גאָט
מיט יִדיש און עברית.

איך וויל אַז מיין קינד
זאָל זיין תיקון
זוכן און געפינען
אין אַ ניגון
פון בראַצלאַווער און בעש״ט
און אין זיין גאָרטן זאָלן גרינען
יִדישע אַגדות.

איך האָב מיין וואָרט
געשפּאָרט
פאַר דיר, מיין זון.
פאַר דיר, מיין טאָכטער.

זאָל מיין יִדיש וואָרט ניט פילן זיך
ווי אַן אורח אין דער פרעמד.
ביי דיין באַזונגטן טיש

זאָל מיין וואָרט ניט זיין פאַרשעמט.
זאָל מיין וואָרט זיין דיין חסד, דיין גענאָד.

ווי די אויגן דיינע דערציילן דעם סוד
פון דיין שטאַם,
אַזוי זאָל אויפבּרויזן מיין יִדיש־כוואַליע
אין דיין האַרץ, ווי ס׳ברויזט דער אומרויִקער ים
ממעמקים
און דערצייל אַלע, אַלע
אַז דער ראָד קייקלט זיך אויף ירושה בייטן
און דערציילט דעם סוד
פון זון. פון אייניקל. פון זיידן.

דער טאַטע דערציילט זיינע קינדער אַן אַלטע מעשה:
איך בין אַ ייִד
מן החיים,
מדרבנן,
מדאורייתא.

איז אַרויס אַ וואָרט אין וועגן
אַנטלאָפן פון מיר אין דער וגיט:
לויפט ער צווישן די זעגן
אויף אימה׳ס און פחדים פון צייט.

לויפט ער צווישן די וועלדער,
אין שטורעם, אין פייער און וואַסער.
דער שניטער פאַרלאָזט האָט די פעלדער
די נאַכט געוואָרן שוין בלאַסער.

איך געדענק שוין ניט וויפל מאָל אים,
מיין וואָרט כ׳האָב גערופן צוריק.
אויף פליגלען פון ליכט און פון חלום
געקומען איז ער צו מײַן וויג.

„געקומען איך בין צו דיין וויגל,
אַ פאַרבענקטער צו קינדהייט דערגאַנגען,
אין בלוטן פאַרחתמעט, פאַרזיגלט
פיבער־ און מורא־געזאַנגען.

באַדעקט איז מיין לייב מיט די ווונדן
פון טויזנטער פייער פרימאָרגנס.
אין מיר זענען פלאַמען צעצונדן,
אין מיר זענען סודות פאַרבאָרגן״.

אַזוי האָט מיין וואָרט זיך צערעדט.
אין מיין צימער אַ טונקעלער שיין.
מיין וואָרט האָט דערציילט ביז גאָר שפּעט.
ער איז אין מיין וויגל אַריין...

ער באַגלייט מיר מיין וואָרט אויף די וועגן,
ער קלאַפּט אויף נשמה־קלאַווישן.
איך טרעף אים אין שטורעם, אין רעגן,
מיין אורח ער איז ביי די טישן.

איך בין אין זיין כישוף געפאַנגען,
פאַרוואַקסן אין מיר, ווי אַ שטאַם.
ער דערציילט מיינע סודות, פאַרלאַנגען,
מיין רו צעברויזט ער, ווי ים.

מיין וואָרט, איך וויל דיר היינט מאָרדן,
באַגלייט ניט מער מיינע טריט.
מיין לעבן פאַרהילכט מיט אַקאָרדן
פון אומרו, פון צער און פון ליד.

פאַרשטייט ניט מיין וואָרט וואָס איך רעד.
פאַרשטייט ניט מיין וואָרט וואָס איך מיין.
ער גיט מיין נשמה אַ גלעט
און לאָזט מיר איבער אַליין.

פאַרבלייב איך אַזוי אומגעריכט
פאַרזונקען אין טונקעלער שקיעה.
מיין וואָרט האָט פאַרלאָשן מיין ליכט,
מיינע קליידער פאַראָבלט אין קריעה.

וויינט אַ דערטרונקענער שיפער,
ער וויל צו זיין שיפל צוריק.

— — — — — — — — —

גיכער, מיין וואָרט, און נאָך טיפער
אַריין אין מיין ליכטיקער וויג.

איך וויל זיך פון דיר ניט צעשיידן,
דו ביסט שטאַרקער פון מיר און נאָך גרעסער,

אין מיר און אין דיר, אין אונדז ביידן
שטעקט טיף דער שאַרף פון אַ מעסער.

דו האָסט מיין לעבן באַוואַכט.
דו האָסט מיין טרויער געהיט.
דו ביסט מיין טאָג און מיין נאַכט.
מיין ליכט אין געזאַנג פון די טריט.

איז קום זשע אַריין אין מיין חדר,
זיי אַ מאַמע, מיין וואָרט און פאַרוויג —
טו מיר אָן די ליכטיקע קליידער
און באַגלייט מיר אויף וועגן צוריק.

# אַ ליבע-ליד

דאָס ליכט פון דיין אויג,
ווי דער טוי אויפן פעלד.
דיין חן פון דיין גוף,
ווי דער רעגן אויף וועלט.

אַלע דיינע בגדים,
ווי אַלע זיבן טעג,
נאָר דער זיידענער פּאָדים
אין דיין לענטע
לאָזט מיר ניט צורו.

אַלע דיינע געלעכטערס,
ווי זונפאַרגאַנג,
נאָר דער שמייכל דיינער,
ווי דער קלאַנג
פון פּאַסטוכס פייפל
לאָזט מיר ניט צורו.

אַלע דיינע ציטערנישן, —
ווי וואַסערן אין ברונעם,
נאָר דיין קליינעם אומרו אין פאַרנאַכטן
האָב איך היינט געפונען,
אַריינגעזאַפּט אין זיך —
ער לאָזט מיר היינט צורו.

אַלע דיינע שעהן,
ווי מיין שווייגן אין געוויין.
אויף דיינע דנאָען
ליגט מיין שטומעניש
אַליין.
ווי אַ נזיר.

אַלע דיינע טרוימען,
ווי דער צוויט.
אַלע מיינע ליבעס —
ליגן אין די שפּייכלערס
פאַרשטויבט און מיד.
נאָר דו, ווי מיין ליד, ווי מיין ליד,
אַלע מאָל
אויף באַרג און טאָל:
דיין קול. דיין קול.

# אומעטיק, גאָט, אויף דיין וועלט

אומעטיק, גאָט, אויף דיין וועלט.
נאַקעט, פּשוט נאַקעט, גייט אַרום אַ מענטש פּאַטרויערט
און זיין ניגון, ווי אַ וואָלקן, ציט זיך ווייט דאָרט, ווייט און ווייט,
פּחד זינגט פון יעדן ווינקל, שאָטנס אויסגעשפּרייט אין לויער,
ווי אַ מויז לויפט אומעט ווינטיק הין און הער די צייט
און זינגט:
אומעטיק, גאָט, אויף דיין וועלט.

אַ ברונעם. און ווער נאָר ס׳קומט אַריין אין די טיפן
און זעט אַ פּאָר אויגן אויף דנאָען צעצונדן,
דערזעט ווי אין שטורעם די שיפן
וואַרפן זיך לעבנס צעיאַטערט אין ווונדן
און זינגען:
אומעטיק, גאָט, אויף דיין וועלט.

# אויך גאָט מיט זיין געוויין

מיט מיר האָבן היינט מיטגעטרויערט
אַלע די,
וואָס ווייסן אַז אויך גאָט מיט זיין געוויין
איז איינזאַם און אַליין.

אַלע די וואָס ווייסן —
אַז איך און דו מיט אונדזער איינזאַמען געפּעק
האָבן ליב צו הערן, ווי גאָט אַליין
צאַפּלט זיך אין זיינע תפילות, אין אימה און אין שרעק.

ווער איז נאָך איינזאַמער פון דיר, מיין גאָט.
איך, — ווו איך וויל, שטעל איך זיך אַוועק
אין שכרות און אין שטאַמל
און אַלץ וואָס איז איינגעזאַמלט —
קענן אַ הימל בלאָער ווי בלאָ,
מיינע אַלע תפילות,
מיין הינטישן געוואָי
אַרויס אויף אַלע פעלדער ווי דער ווינט.

און דו, גאָט,
דו זוכסט טירן, שוועלן
ווו אויסצושרייען דיין עלנט
און אַלץ פאַרקלאַפּט, פאַרהאַקט,
ס'האָט דער מענטש קיין צייט נישט
אויפנעמען דיין סוד.

גאָט מיינער.
נעם מיר מיט. מיט מיינע פענטעס, מיט די קייטן
כ'וויל דיר היינט באַגלייטן
אומעטום

און שטום
וועט זיין מיין וואָרט
כ׳וועל קיינעם ניט דערציילן —
אַז אַנטקעגן שטורעם, שניי און רעגן
האָסטו זיך מיט דיין געטלעכקייט געזעגנט
און אַוועק
שטילערהייט
ווי אַלע מענטשן — זען
ווי מענטש רייסט אויף מיט ציינער
אַ שטיק ברויט,
פֿאַרזייט
קערנער
און וואַרט אויף ברויט.

גאָט,
וועט זיך דיר אַ מאָל פֿאַרבענקען גיין צוריק
אין הימלען
אַראָפּקוקן פֿון הויכן אויף דיינע נייע פֿריינד און שונאים:
ווּעסטו זיך פֿאַרבענקען נאָך דיין פּנים
אין הימלישע שפּיגלען
וועלן מיר דיר לאָזן גיין, ווייל ווייסן מיר,
וועסט דאָרטן לאַנג ניט בלייבן,
דער הימלישער אומעט וועט דיר צו אונדז פֿאַרטרייבן
און ווי אַ קינד וועסט אָנקלאַפּן אין אַ מענטשלעכער אָפֿענער טיר.

גאָט מיינער.
אויך אין מיינע שוואַרצאַפּלען
צאַפּלען
זיך די אימה׳ס
נאָר גוט איז מיר צו זיין אַ שעפּסעלע פֿאַרבלאָנקעט
אויף גרינע לאָנקעס
און חברה׳ן זיך מיט מענטשן און מיט בהמות.

קום אַראָפּ און לאָמיר גיין צוזאַמען אויף ערדישע אומרויִקע וועגן.

ויהי — און עס איז געווען ווען די נאַכט איז אַרויסגעקראָכן פון
אירע טיפענישן

מיט צוויי שוואַרצע פליגל,
בין איך געקומען מיט אַ קליין קריגל
וואַסער און אַ ברכה געמאַכט
אויף דער חשכות פון נאַכט.

ויהי — ווען דער טאָג איז אויפגעקומען מיט זיין הסד, גנאָד,
מיט זיינע זונען שטראַלן.
בין איך אָנגעקומען צו מיינע קוואַלן
און פאַרזאָגט:
אַ ברכה מאַכן איבער דער ליכטיקייט פון טאָג.

ויהי — ווען די נאַכט האָט מיין ליד געלייטערט,
בין איך אַוועק צו זיך אַליין
פון אַלע מיינע פריינט דערווייטערט
און געזאָגט:
לעם מיינע אייגענע טישן
מיין וואָרט דערפרישן:
מיין שמייכל. מיין געוויין.

ויהי — ווען דער טאָג איז אָנגעקומען אויף זיינע דין-דינע פינגער,
ליכטיק אָנגעקלאַפּט אין טירן פון די שכנים
און געפרעגט: ווו איז דאָ דער זינגער?
איז קיינעם
נישט איינגעפאַלן דעם טאָג דערציילן,
אַז דער זינגער איז אַוועק זיין וואָרט
איבער שמאָלע געסעלעך צעטיילן
און זיין ניגון, זיינע שעהן
פאַרקניפּן מיט אַלע דאָרטנס, מיט אַלע דאָען.

ויהי — ווען די נאַכט האָט אָנגעהויבן אָפּווישן אירע פלעקן
און פאַרבעטן אויף דער וועלט די ליכטיקע פאַרטאָגן,
בין איך געקומען אַ שטילער זינגער וועקן,
בין איך געקומען זאָגן:
לאָמיר עפענען די אויגן מיט די באַלויכטענע ברעמען
און נעמען
נאָר דו וועסט טרעפן אויף די וועגן
שענקען אים אַ ביסל זון און חלום.

ויהי —
כדאי, כדאי די מי
שענקען אים אַ ביסל זון און חלום.

אָט גייט ער —
און זאָלסט היינט ניט פרעגן ווּהין.
ער ווייסט אַז זיין וועג
איז פון לייטער צו לייטער,
ער ווייסט אַז זיין וועג איז
פון ניגון צו ניגון
פון תיקון צו תיקון;
ער וויים אַז אין וואַלד דעם געדיכטן
מוז ער די פּגמען פאַרריכטן.

אָט גייט ער —
און זאָלסט היינט ניט פרעגן ווּהין.
דער קאָרן נאָך ניט קיין פאַרזייטער,
אויף וועגן די שנייען פון ווינטער,
און צינדט ער
זיין צער, ווי דער סנה אין דעם מדבר
וויינען אַלע שקיעות.

אָט גייט ער —
און זאָלסט היינט ניט פרעגן ווּהין.
די טירן צעעפן היינט ברייטער,
די פים איינגעזונקען אין ליים,
די וועלט איז אין אומעט פאַרקראָכן.
אָט גייט ער
צו זון און צו היים.
אויף אַקסלען ווייאיקע יאָכן.

אָט גייט ער —
און פרעג שוין ווּהין.
די לאָנקע ווערט גרינער און גרין,

די פעלדער מיט זאַנגען פולע
זינגען דאָס ליד פון גאולה.

פרעג שוין —
ער וועט דיר מיט ניגון
אויף וועגן היינט זאָגן:
מיין לעבן פון פגמען
געקריגן זיין תיקון.

# ד ע ר מ אָ ר ד ן ?

דערמאָרדן אַ וואָרט ?
ווי גרינג.
נאָר ווי שווער איז דעם גלוויביקן קערן
אין ערדישע בייטן פאַרזייען
און הערן
אויף וועלט־האָריזאָנטן
געשרייען
און פאַרשטיין:
ביסט געקומען שלינגען זיין געוויין.

דערמאָרדן אַ ליד ?
ווי גרינג.
נאָר ווי שווער אין דעם וועלטס לאַבירינט
צו קושן די טריט פון אַ קינד
און הערן, באַנעמען
ווי ס׳ברענען די שרפות אויף צעיושעטע וועגן
און בויען
אַ הייזל, אַ שטיבל קעגן ווילדן צעשטורעמטן רעגן.

דערמאָרדן אַ חלום ?
ווי גרינג.
נאָר ווי שווער אין דער וועלטישער אימה
ממעקים, פון שיכטן געהיימע
שפּינען,
געפינען
אַ וואָרט פון נחמה און טרייסט לזכרון
פאַר אַלע באַרויבטע
פון ווייב

און פון קינד
און פון יאָרן.

דערמאָרדן
אַ וואָרט. אַ ליד. אַ חלום.
ווי גרינג.

# און וואָס ווּעסטו טאָן ?

און וואָס ווּעסטו טאָן
אַז אַ שטערן וועט אַראָפּפאַלן צו דיינע פיס
און בעטן רחמים:
שיק מיר ניט צוריק, כ׳וויל זיין
אַ בעטלער אויף די וועגן דאָ
און טרינקען פרייד
פון אַ שחריתדיקער שעה.

וועל איך זאָגן דעם שטערן אַזוי:
דו האָסט זיך פאַרגונען
אין משך פון טויזנטער יאָרן
צו טרינקען ליכט פון די זונען,
נמאס דער הימל געוואָרן
ביסט געקומען אַהער
לאַכן פון מענטש,
פון זיין טרער.

וועט דער שטערן מיר זאָגן אַזוי:
כ׳האָב געזען אַ מאָל ווי דער הימל געצונדן האָט פלאַמען
און פאַרזייט אַ גרויסן טאָג אויף ערד.
האָב איך זיך פאַרבענקט
ווי אַ קינד נאָך זיין מאַמען.
בין איך געקומען אַהער
קושן דיין טרער.

שיק מיר צוריק ניט אין הימלען.

וועל איך פאַרבעטן דעם שטערן אין מיין ליכטיקן חדר
און נעמען אַ פאָדים
פאַריכטן די קליידער,

פאַרנייען די בגדים
און זאָגן אַזוי:
גענוג אויף די הימלען געהאַנדלט
מיט גאָט.
היינט ביסטו פאַרוואַנדלט
אין מענטש.
קום, לאָמיר צוזאַמען דורך שטורעם און רעגן,
איך אַ מענטש — דו אַ שטערן
אין גאַנצער געביין:
דערפירן דיין גאָט אויף די מענטשלעכע וועגן
און זאָל ער דערהערן
מיין טרער און געוויין.

און וואָס וועסטו טאַקע טאָן ווען אַ געפאַלענער שטערן
וועט אָנקלאַפן אין דיין טיר?

# אַזאַ שטילקייט אַרום

ס'האָט מיר די שטילקייט פֿאַרנאַרט.
איך האָב זי מיט שטורעם דערהערט.
אויף לידער מיין קאָפּ אָנגעשפּאַרט,
ס'איז מיר היינט שלווה באַשערט.

ס'האָט מיר מיין האַרץ היינט פֿאַרנאַרט,
פֿאַרקלעמט אַזוי אומעטיק, שטיל.
מיין צימער האָט היינט זיך דערוואַרט
אַ גרילצן פֿון גריל.

מיין זון האָט מיין וואָרט היינט דערפֿרייט,
מיין טאָכטער — מיין טרוים און מיין ליד,
אַ טאָג אַזאַ פֿאַרשווינדט, פֿאַרגייט,
געענדיקט אַ יריד.

די שקיעה אַ ניגון פֿאַרציט,
מיין האַרץ אויף אַ שטערנדל וואַרט.
טרויעריק אַזוי מיין געמיט.
ס'האָט מיר דער טרויער פֿאַרנאַרט.

# אַ מאָל

אַ מאָל קוק איך אָן מיין ייִדישן אות,
בלייב שטיין
פאַרטראַכט לעם זיין שוועל
און זאַפּ אַריין אין מיר זיין געוויין.

אַ מאָל ווילט זיך מיר רופן
און שרייען
איבער אַלע ייִדישע ישובים:
היט אוים דעם אלף־בית
פון אַלדאָס בייז.
באַשיץ דעם ייִדישן גימל
פון גוייִשן הימל.

הייל אים. הייל אים.
ער איז קראַנק. מסוכן.
צעבראָכן אַלע כלים.
צעפּאַסעוועט דער רוקן.
שברי פּסוקים. שמות.
אין חורבות צעממיתט.

דו אַליין — זיין היטער
נאָכן געוויטער.

דו — זיין היינט.
דו — זיין מאָרגן.
דו — זיין ציטער.

אלי, אלי —
פאַר וואָס האָסטו צעבראָכן
די צנורות און די כלים? —

ביי אַלע שוועלן
אין ישראל
שטייען ייִדן פֿאַרעלנט.

ביי אַלע קולות
אין די בתי מדרשים
פֿעלט דער תכלת
פֿון מיין טאַטנס טלית.

אין גרויסן שיינעם היכל
פֿעלט מיין מאַמעס
שמייכל.

אין מיין ייִדישער מדינה
פֿעלט מיין מאַמעס
תחינה.

איבער אַלע מדרגות,
איבער אַלע טרעפּ
כ׳זוך אין געוועב
מיין טאַטנס ניגון.
אין מיין יידיש אות
כ׳גים אַריין
אַ ניגון, אַ ליד
פֿון מיין טאַטנס כוס.

# די זומערס פֿאַרגייען

די זומערס פֿאַרגייען.
די מעשהלעך וואָס מיין מאַמע האָט מיר דערציילט אָן אַ שיעור
אַנטלויפֿן. אַנטלויפֿן פֿון מיר.

די ווינטערס פֿאַרשנייען
די שליאַכן. די ניגונים וואָס מיין טאַטע האָט אויסגעזונגען
אָן אַ שיעור
אַנטלויפֿן. אַנטלויפֿן פֿון מיר.

ווער־זשע קען העלפֿן דעם זינגערס קול
דורכגיין שטיל און רויִק און פֿאַרטראַכט איבער ליכטיקע שוועלן,
ווען אויף דיין בערגל און טאָל
— אויף דיינע וועגן און טונקעלע טונעלן
דיין מאַמעס מעשיות און דיין טאַטנס ניגונים
פֿאַרגייען.

פֿאַרשנייען.
מיין מאַמעס מעשיות,
— מיין טאַטנס ניגונים
אַ שטערן.
אַלע מאָדערנע לידער
פֿון אַלע מאָדערנע פּאָעטן
אַ לאַמטערן.

וואָס פֿאַראַ שירה וועט זיין דערפֿון,
אַז דער לאַמטערן וויל באַלייכטן די זון.

מיין טאָג — ער ווייס נאָר תפילה,
מיין טאָג — אויף שמאָלע סטעזשקעס
אין פאַרנאַכטן שטילע
לייענט ער אומעטיקע לידער
און ציילט די אויפגעשפּראָצטע גראָזן
אין זיין גאָרטן.

מיין טאָג — ווי יונגע ליבע לאַכט און באַרירט
מיין שיר.
פון מיר צו דיר
גייען זומער טעג און פרעגן:
ווּ ווילסטו געפינען אַזויפיל פרייד
אויף דיכטערישע וועגן? —

מיין טאָג וועבט היינט אויס אַ שלייער:
כולו פאַרבן.
דיין טרוימער איז אַ גייער
און וויל ניט שטאַרבן
דיין טאָג — ווי אַ יונגער וואַלד,
דיין טאָג — אַ זוניקע געשטאַלט.
פאַר וואָס ציטערט אויף מיין לייב מיין העמד
ווי ס'ציטערט דער דעמב
אין שטורעמדיקן דונער?

מיין ליבע און מיין האַס
האָבן היינט מיין טאָג צעאַקערט.
און מיין גאַס
אין פלאַקער.

מיין טאָג —
ער וויים נאָר תפילה.
ער קניט אַנטקעגן שקיעות
און בעט —
שלווה.

## אב הרחמים

אונדזערע בגרות יאָרן
שפּילן זיך אונטער וואָרצלען
ווי אונדזערע קינדער יאָרן
פלעגן זיך שפּילן אונטער ביימעלעך.

נאָר דער זעלבער אב הרחמים
וואָס היט אונדזערע טריט
שיצט מיט זיינע פליגל
אונדזער קינדיש — בגרותדיק געמיט.
היינט ווי נעכטן —
אונדזער גאַס
זינגט מיט גאווה:
הנני העשיר ממעש.

היינט, ווי נעכטן, אונדזער בוים צעבליט
און דער גערטנער מיט גאווה רעדט צו זיך:
כ׳בין ניט מיד. כ׳בין ניט מיד.

אין מיינע קינדער יאָרן —
מיין געלעכטער. מיין סוד. מיין חלום — קרישטאָל — ריין.
היינט —
מיין געוויין.

אב הרחמים —
כ׳וויל קוקן צוריק
צו מיין וויג
און זינגען אָן אַ סוף:
כי טוב. כי טוב.

## איך שטעל זיך אָפּ דאָרטן

איך שטעל זיך אָפּ דאָרטן
ווּ מיין ווידערקול אַנטלויפט אומגעריכט
און אַ טרער אין מיר באַפעלט:
לויף נאָך דיין שטערן, דיין ליכט.

איך שטעל זיך אָפּ דאָרטן,
ווּ זריחה צינדט אָן אין מיין האַרצן אַ פרייד
און וועקט אין מיר גלויבן
און רייד.

איך שטעל זיך אָפּ דאָרטן,
ווּ ווינט פייפט אַריין אין אַ חרובדיק שטיבל,
ווּ יוחנן הסנדרל זינגט זיין לויב צו גאָט
ציִענדיק דראַטוועס אין פּויערשע שטיוול.

איך ווייס אַז קליין
מיין כוס פון וועלכן איך טרינק.
נאָר ליב האָב איך דעם חן
פון מיין קינד, וואָס זינגט:
טאַטע מיינער, שטעל זיך דאָ אָפּ.

אַ מעטעאָר איז דורכגעפלויגן, ווי אַ פייל פון אַ יעגער
און איבערגעלאָזט אויף הויכע הימלען פּאַסן דמיון.
כ'וויל, גאָט מיינער, זיין אויף דיין וועלט אַן אָרעמער טרעגער
פאַרגאַרטלט מיט שטריק אויף די לענדן,
מיט תּפילה אין האַרצן:
זאָל קיינער די פּאַסן פון דמיון ניט שענדן.

ווייל גאָט כ'האָב דערקענט אין געפאַלענע מעטעאָרן:
אַ בלאַנק און אַ שניט — און די הימלען צעצאַפּלט.
אויב באַשערט דיר אין לעבן צו טראָגן זכרון,
טראָג דעם בלאַנק פון מעטעאָרן אין דיין צאַפּל.

# גרויס איז דיין וועלט

גרויס איז דיין וועלט, גאָט.
גרויס און קליין פאַר דעם מענטשנס געמיט.
טאָג און נאַכט דרייען זיך די מילן דיינע
און ווערן קיין מאָל ניט מיד.

נאַר איך און מיין ליד
און אַלע די וואָס טראָגן זייער בענקשאַפט דיר אַנטקעגן
וואַרטן אויף דיין פריידיקן וואָרט,
וואַרטן אַז אויף אַלע וועגן
זאָל אָנקומען דיין זאָג:
פרידן אייך.
פרידן. ס׳איז שוין טאָג.

לאַנג, לאַנג, כ׳וועל וואַרטן אויף דיין זאָג:
אויף אַלע וועגן טראָג
אמונה.
אויף אַלע סטעזשקעס שלאָג
אין שטיין,
אין דיין אָרעם שטיבל וועג מיט שלווהדיקן ציטער
אויף דיין וואָג
פון חלום און אָוונטיקע שקיעות
דיינע תפילות —
און איך וועל טראָגן
שלאָגן,
וועגן
און וועל ווייטער גיין דיין וועג.

דיין וועג — אַ רעגנבויגן.
דיין וועג — אַ וואַלד.
דיין וועג — אַלע קלאָרקייטן פון אויגן,

צעשטערנטע, באַהעלטע און באַזונטע,
אַלע גלידער, אַלע גופן,
אַלע די געלייטערטע און ערדישע געזונטע,
אַלע די וואָס טראָגן מיילן ווייט דיין עול.

דיין וועג — אַ טייך וואָס ריזלט באַרג אַראָפּ אין טאָל
און צעזינגט זיך
מיט זיין וואַסערדיקן קול —
אָט איז ער און אָט ווערט ער,
אָט באַפליגלט מיט די ווערטער
פון אַ טרוימער, אַ פּאָעט,
אָט אַ חלום, אַ לעגענדע,
וואָס באַהויכט מיט אָטעם, ליכט
אַלע זריחות פון פרימאָרגנס
און פאַרתיקונט און פאַרריכט
אונדזער וואַקלדיקע ערד.

דיין וועג — ווי אַ פרילינג אַ צעבליטער
פול מיט קלאַנגען
מיט געזאַנגען,
פול מיט רוישנדיקע ימען
וועלכע גלייבן אַז דער שטורעם איז דער היטער
פון מאַטראָסן,
וועלכע רייסן זיך ווי פלאַמען,
מיט פאַרבענקטע ברוסטן צו די היימען
צו די ווייבער, צו די קינדער.

דיין וועג — ווי געהיימע
וואַיענדיקע ריטערס ווילן
איינשלינגען מרחקים
און די בלוטן שטילן,
אויף די וועגן אויפנעמען סיגנאַלן
און אויסקושן די שטערן

און די טרערן
וועלכע פאַלן אין די טיפקייטן פון ניט אַנטדעקטע קוואַלן.

דיין וועג — דער עיקר
פון מיין לעבן.
די שטיקער
פון מיין טאָג.
דער אומרו, ווי אַ וואָלף, וואָס וויל זיין אייגענעם שגעון הערן:
פער אַספּעראַ אַד אַסטראַ,
(per aspera ad astra)
דורך שווערקייט צו שטערן,
דורך עול, דורך ווענט,
דורך אויגן שוואַרצע אויסגעלאָשענע,
דורך הענט
פאַרבראָכענע אין פּיין —

דיין וועג —
ער פירט מיר דורך די טויערן
אין גרויסן חסד־טאָג אַריין.

ווען איך בין בר מצווה געוואָרן
האָט אויף מיין קאָפּ געשיינט אַ פּאָר תפילין,
ווי אַ קרוין.

היינט בין איך אָן תפילין.
אַליין.
מיט מיין געוויין.

אַ מאָל, און ווי לאַנג איז עס געווען?
האָב איך ווי פון אַ לאָגל
געטרונקען מיין טאַטנס וואָרט.
מיין מאַמעס טרער.

היינט —
אין וואָגל
כ'האָב מיין טאַטנס וואָרט פאַרלאָרן.
ס'איז מיר שווער.

אַ מאָל, כ'האָב ליב געהאַט דעם שטאַמל
פון בעל תפילה.
ליב געהאַט זיין ברומען.

היינט —
אַזויפיל אומעט אין מיין האַרץ פאַרזאַמלט
ווי אַלע ווינטן זאָלן קומען קדיש זאָגן.

מיין טאַטנס וואָרט — פאַרברענט.
מיין מאַמעס טרער — נאַקעט וואַנדערט איבער ניט
פאַרשאָטענע קברים.

מיין ברודערס הענט
וואָרענען.
און איך — אָרעם.

שוואַרצע קראָען אויף מיין בוים.

ווער האָט זיי געצונדן?
ווער האָט אין דער פינצטערער נאַכט
צו דער ערד זיך געבויגן
און אויגן
געבונדן
צו וועלט־האָריזאָנטן?

ווער האָט (מיט פרייד צי מיט טרערן)
אַנטקעגן דעם מאָרגן
געגאַנגען
מיט חלום און זאָרגן
און שטערן
געצונדן מיט ייִדישע קלאַנגען:
לא תרצח.
לא תנאף.

אַ דאַנק אייך האָט מיין פאָלק אַריבערגעשווומען
פאַרבלוטיקטע ימען
און שטענדיק געקומען צום מקור
וווּ ס'פליסט חסד, אהבה,
ווי אַ קינד אין נאַכטיקן לאָקער
שטרעקט זיינע קינדערשע הענטלעך —
צום טאַטן. צו מאַמען.

נאָר איר אַלע, עשׂרה דבריא,
איר אַלע צוזאַמען —
האָבן קיין מאָל דעם חוב ניט באַצאָלט
ווען פייער און פלאַמען
האָבן אין נאַכטיקן וואָיען
געצונדן שגעון

אין אויגן פון ייִדישע קינדער,
אין הערצער פון ייִדישע מאַמעס.

און דאָך... און נאָך אַ מאָל... און ווידער:
אויף אייער דאָך חלומען ייִדישע שטערן.
עם ישראל חי און וואַך
און פרייד אין זיינע לידער
און שמחה אין די טרערן.
ווייל אין אייך — צעהעלט און צעקוועלט
דער ייִדישער ניגון
אין גוייִשער וועלט.

# איך געדענק

פון מיינע קינדער יאָרן איך געדענק
אַלע סטעזשקעס, אַלע וועגן,
אַלע קאַרשן־עפּל־ביימער. אַלע גויִים
מיט די זעגן.
אַלע ייִדן — מיט טליתים, אַלע מאַמעס
אין פאַרנאַכטן.

כ׳געדענק אויך זיך אַליין:
אַ ייִנגעלע אַ פאַרטראַכטן
לעם אַ פּלויט.

פון מיינע קינדער יאָרן איך געדענק
אַלע געסלעך און אַלע רויכן
פון די קוימענס.
די מיידעלעך מיט צעפּעלעך
און זינגעוודיקע לענטעס
פון אָרעמע חנעוודיקע היימען.
אויך דעם זשומען
פון די בינען איך געדענק.

כ׳געדענק אויך זיך אַליין
ווען איך בין אַ שעמעוודיקער
אין דעם חדר אָנגעקומען.

פון מיינע קינדער יאָרן איך געדענק
אַלע שאָטנס אויף די ווענט.
די ציטערדיקע הענט
פון מיין טאַטן ביי הבדלה מאַכן
איבער צוויי ברענענדיקע ליכט.
איך געדענק די שטערן פון מיין שטעטל

ווען זיי לאַכן
איבער דעכער און טאַנצן אַ פריילעכן קאַדריל.

איך געדענק אויך זיך אַליין.
פאַרטראַכט אין שפּיל
אין זינגען ניגונים
מיט געפיל.

פון מיינע קינדער יאָרן איך געדענק —
(איך געדענק — כ׳וועל קיין מאָל זיי פאַרגעסן)
אַזעלכע שיינע זומער טעג
און חלומות אין מעת לעתן.
וואָס מיר ספקות? אַלע ביימער רייך צעבלעטערט.
אויף אַלע פאַרקנס גוט געקלעטערט.
מיט אַלע שאָטנס אין געוועב
כ׳וועל זיי איבעריאָגן.
(קיין מאָל ניט געטראַכט צו זיין
אַ ייִדישער פּאָעט)

כ׳געדענק אויך זיך אַליין:
ווי אַ ביימעלע פון רעגן אויסגעצוואָגן
מיט זילבער־פּערלדיקע טראָפּנדלעך באַשאָטן...

פון מיינע קינדער יאָרן איך געדענק
דעם ווידערקול פון אַלע וועלדער,
די שירה אויף די פעלדער
פון די זאַנגען.

פון אַלע חורבות אין מיין שטעטל —
מעשהלעך פון קינדער
וועגן כשופדיקע קלאַנגען
פון פּרינצעסנס...

איך געדענק אויך זיך אַליין:
אַן הערצעלע פון פריידן און פון שרעקן
און יונגע פיסעלעך אויף אַלע וועגן.

פון מיינע קינדער יאָרן איך געדענק
דעם מחזור און דעם סידור,
אין נעכט באַשטערנטע
אַלע כשופדיקע לידער,
אליקום צונזערס וווּנדערבאַרע גראַמען
און דעם זיסן קרעכצן פון מיין מאַמען.

שרה בת טובים פלעגט אָפּזיצן ביי אונדז
אירע מעת לעתן.
ווי קען מען אירע תפילות, גאָט מיינער, פאַרגעסן.

איך געדענק אויך זיך אַליין:
אַ קינד,
פאַרברודערט מיטן ווינט,
געקושט די גאָלדענע לאָקן פון דעם טאָג
אויף יעדן ראָג.

פון מיינע קינדער יאָרן איך געדענק
מיין טאַטנס תפילות
און מיין מאַמעס הייליקן געבעט.
דעם טיש אין שטילע פאַרנאַכטן
און זעקס טעג אין וואָך
אין געלויף און אין געוועט
מיט גאָט און בייזן טייוול.
איך געדענק מתיקות און געוויין.

כ׳געדענק אויך זיך אַליין...
פלוצלינג אויסגעוואָקסן
מיט חשבונות גאָר אַ סך

און איבער מיר אַ דאַך
פון אַזויפיל פראַגע־צייכנס
און אַמפּעריַיען מיט דער וועלט.
אין מיין קינדער־גאָרטן האָט פּלוצלינג
אַ רויז פאַרוועלקט
האָט אַ גרינע בלאַט פאַרגעלט
און פאַרפּלייצט מיין וועג
מיט חוקים און געבאָטן.

היינט —
לויפט נאָך מיין וואָרט אַ שאָטן
פון אַ פאַרברענטן ייִד
און דבקותדיק ברומקע איך
מיין ייִדיש ליד.

# האַרבסטיקע לאַנדשאַפט

„האַרבסטיקע לאַנדשאַפט אין מיין געמיט"
זינגט אַזוי מיין גרויסער איציק מאַנגער.
זינגט אַזוי דאָס ליד
די גאַנצע ייִדישע פּאָעזיע.

האַרבסטיקע לאַנדשאַפט פון פּוילישע וועגן.
פאַרנאַכטן פּוילישע אין איר געמיט.
אויף די סטעזשקעס —
אַ ווייסע צעפּאַטלטע באָרד.
אַ ייִד.

האַרבסטיקע לאַנדשאַפט אין שבת ליכט:
אין קדושה. אין שבתדיקע שטערן,
אין מיין מאַמעס געזיכט.
אין מיין טאַטנס נעילה טרערן.
אויף פאַרנאַכטיקע האַרבסטיקע פּוילישע וועגן —
אַ ייִד.

האַרבסטיקע לאַנדשאַפט אין אַלע תפילות.
אָפּשיין פון אַ לעבן — וואָס האָט זיין ניגון אָפּגעזונגען,
אין אַלע שטילע
רייד. אין אַלע פייער־פונקען
פון ייִדישער קוזשניעס.
אויף פאַרנאַכטיקע האַרבסטיקע פּוילישע וועגן —
אַ ייִד.

האַרבסטיקע לאַנדשאַפט אין דיין געמיט
ייִדיש ליד.
איך האָב דאָס ליד אַהיימגעבראַכט.
אַרויסגעראַטעוועט פון פלאַמען. פון פייער. פון נאַכט.

פּרוביר פאַרזייען שטיל
דעם ניגון פון האַרבסטיקער לאַנדשאַפט
אין שרון און אין נגב. אין יהודה און גליל.

אָ, העלף מיר, העלף מיר —
ייִד.

## ל ע ס ט ע ר

לעסטער!
— ניין. איך וויל ניט לעסטערן.
איך וויל זיין דער מעסטער
פון אַלע קלאָרקייטן.
איך וויל זיין דער עמער
אויף דנאָען פון אַלע ברונעמער.
ווי די לעמער
שטילן כ׳וויל מיין דורשט.

איך וויל זיין דער אָפּרו אָרט
פאַר אַלע טויבן
און לויבן
אַלע שטאַמלער
וועלכע זוכן זייער וואָרט
אין טיפקייטן פון האַרץ.

איך וויל ניט לעסטערן.
איך וויל ניט שעלטן.
איך וויל לויבן
אַלדאָס גוטס
אין אַלע אָרעמע געצעלטן.

## דעם בעל־אַאַזים

אַברהם סוצקעווער

אַנדערע טיפֿן.
אַנדערע תהומות.
אויך די מאַטראַסן אין שטורעם
זינגען אַנדערע לידער.
כ'האָב נישט געלייענט אויף די ווענט שרעק־הירָאַגליפֿן,
כ'האָב נישט געזען סימנים פֿון פּחדים און אימהס,
כ'האָב נישט פֿון בלוטיקע ברונעמס געזויגן יסורים;
נישט פּרובירט כ'האָב באַשיידן
ווי אַזוי האָט דער בלינדער מילטאָן
געפֿונען זיין פֿאַרלוירענעם גן־עדן;
סטראַדיוואַריום אויסדערוויילטע ביימער
האָבן נישט געשפּילט פֿאַר מיר צויבערדיקע קלאַנגען,
נאָר אין אימה
פֿון דעם דור
געפֿאַנגען
ווי יעדער לעבעדיקער ייִד, וואָס טראָגט אין זיך
דעם ריח פֿון זיין טויטן טאַטן.
דער פֿאַר —
בדמיך חיי:
דיין ליד עטעם איך
איז מיין מאָרגנפֿרי.

אין דזשונגל פֿון דער צייט —
דיינע אויסדערעסירטע חיות, — ווערטער, קלאַנגען, לידער,
אַלעם... אַלעם...
(דאָס וואָס דיכטער רופֿן אָן: התגלות).
גיי איך נאָך דיין פּענדזל,
פּרוביר באַנעמען דיינע דינסטע סודות
שמועס זיך דורך מיט דיין שווייגן, שרייען,
מיט אַלע דיינע עדות

און פּרוביר פֿאַרשטיין:
דיין וואָרט,
דיין אומעט,
דיין געוויין.

דו האָסט אויפֿן טאָוול פֿון דיין בוך
מיר אויפֿגעשריבן:
„ווי דאַרף מען שרייבן פּאָעמעס?
פּשוט: מ׳דאַרף שרייבן פֿאַ אמת״...
אַך, ווי קליין דער אמת קעגן אַש,
ווי קליין דער אמת קעגן גורל.
(ווער אייביק זיין פֿאַרקנסט גרויל צו גורל?)

אָאַזיס.
ווי אַ העברעער איך פֿרעג ביי דיר:
מה זאת?
ענטפֿער איך אַליין:
ריינע ליריק פֿון אַ פֿאַרטיפֿטן טרוימער
און אין יעדן ליד
געבליבן איז דער שומר,
אין זיין האַרץ זינגען די בלוטן
פֿון זיין בלינדן־זעעוודיקן דור.

מיינע ווייסע טויבן ווערן גראָ און גראָער.
זייערע פליגלען — ווי מיין געמיט:
אַן אָפענער טויער.
פאַרשיכורט פון ליד.
אַ געמיט מיט אַ גרויס פאַרמעגן:
קיין תשובה ניטאָ —
נאָר פ ר ע ג ן...
ווער קען זיך פאַרגלייכן מיט מיר?

מיינע ווייסע טויבן וואָרקען מיט פרייד.
זיי האָבן ליב דעם דיכטערס רייד.
נאָר פאַר וואָס גראָ און גראָער ווערט זייער קרוין?
פאַר וואָס פאַרלירן מיינע טויבן זייער ווייסן חן?

מיינע ווייסע טויבן אַרויסגעקראָכן פון די אַשן.
פאַרציטערטע פון רעשן.
עמעץ ווער האָט זיי פאַרטרויט
אַ וואָרט:
ט ו י ט.
צאַפּלען זיי זיך דאָרט
און וויינען
ווי אַ שטערן אויף די הימלען
מיט אַלע טויזנט חנען.

מיינע ווייסע טויבן, אייער ווייסקייט פאַרהיט,
ווייס וויל בלייבן מיין געמיט.

ב

מיינע ווייסע טויבן —
אין אייערע פליגלען — אַלע מיינע ניגונים.
אין אייערע פליגלען — מיין סוד,
מיין טראָט,
מיין שפּיגלען זיך אין ברונעם,
מיינע ליכטזיילן אויף אַלע וועגן.

איך הער ביינאַכט שושקען זיך גראָזן.
ביינאַכט איך הער — אַ תפילה פון אַ זאַנג.
ווער האָט אין זיי מיין נשמה אַריינגעבלאָזן?
ווער האָט אין זיי פאַרזייט מיין דראַנג?
מיינע ווייסע טויבן.
מיינע ווייסע טויבן.

אַ געוואָי פון הונגעריקע שאַקאַלן.
אַ שרפה אין דער נאַכט. פלאַמען.
אַלע לידער פון מיין מאַמען
פאַרפאַלן

אויף אימה שליאַכן פון דער וועלט.
ווער ברענגט מיר זיי צוריק?
מיינע ווייסע טויבן.
מיינע ווייסע טויבן.

מיין גאווה. מיין הכנעה.
מיינע אַלע פריידן. מיינע קלאָגן.
מיינע בלויע טעג און גרויע.
מיין ווילן — אַלע שמחות, אַלע פּלאָגן
אַריבערטראָגן
אין ווערטער. אין לידער.
ווּ ליגט עס אַלץ באַהאַלטן?
אין די ווייסע טויבן.
אין די ווייסע טויבן.

יעדעס וואָרט — באַזונדער.
יעדעס ליד — אַליין.
מיין ווּנדער
און זיין חן.
אַלץ וואָס ווישט דיר אוים די טרערן.
די בלאָע פייכטקייט פון מיין אויג —
אַלץ ליגט אין דעם פלאַטער פון די פליגלען
פון מיינע ווייסע טויבן.
פון מיינע ווייסע טויבן.

מיין טאָג. מיין נאַכט.
ווייסע טויבן, —
ווער האָט אייערע פליגלען שוואַרץ געמאַכט?

# אַ ל י ד

אַ ליד —
איז אַ שמייכל,
אַ טרער
און אַ מאָל עפּעס מער.

אַ ליד,
איז אַ ניגון,
געהער,
און אַ מאָל עפּעס מער.

עפּעס מער,
עפּעס מער:
ס'איז אַ ים,
אַ געוויטער,
אַ דאָרן אין פלאַם,
אַ שומר,
אַ היטער
און אַלץ וואָס דיין לעבן פאַריעגולט:
אַ שפּיגל
און גליק
פון אַ קינד אין אַ וויגל.

אַ ליד
דער שטראָם פון דיין בלוט,
אַן אייביקייט
אין איין מינוט,
ווען פאַר דיר און פאַר אַלע
ווערט נתגלה
אַ וועלט פאַרזייט מיט טויזנטער שטערן.

אַ ליד

אַ מאָל האָב איך מיין וואָרט געפונען
אין טויזנט זונען;
אַ מאָל
אין אַ קוואַל
פון אַ פייגעלע אויף צווייגן;
אַ מאָל אין געשריי
פון מיין הילכיקן שווייגן.

## אָפּן איז מיין האַרץ

אָפּן איז מיין האַרץ פֿאַר לידער,
אָפּן.
ווי דאָס קוועלן פֿון אַ קוואַל,
ווי דער צאַפּל פֿון אַ שטראַל,
ווי דער ווינט וואָס פּייפֿט אין ווײַט,
ווי דער עלנט פֿון דער צײַט,
ווי דער טרויעריקער שאָטן —
אָפּן איז מיין האַרץ פֿאַר ליד.

מיט טויזנט גראַמען זינגט דער נאַכטיגאַל אין וואַלד,
ס'איז דאָס ליד אים היינט געראָטן.

אָפּן איז מיין האַרץ פֿאַר ליבע,
אָפּן.
ווי אויף הימלען שטערן בלויע,
ווי אין טיפֿן גרוי דער טרויער,
ווי אַ שיינער רעגנבויגן
איבער הימל שטיל פֿאַרצויגן,
ווי אַ ווידערקול פֿון טאָל
וואָס צעזינגט זיך מיט אַ מאָל —

מיט טויזנט גראַמען זינגט דער נאַכטיגאַל אין וואַלד,
ס'איז דאָס ליד אים היינט געראָטן.

אָפּן איז מיין האַרץ פֿאַר היים,
אָפּן.
ווי דאָס זשומען פֿון די בינען,
ווי אַ בת־קול אין באַגינען,
ווי דער צויבער פֿון דיין נאָמען,
ווי די שירה פֿון אַ זאָמען,

ווי באַגער וואָס צינדט אַ פלאַם
און ברענגט די שקיעה פון דעם ים,
וואָס דערציילט פון וווּנדער, נס —
אָפן איז מיין הארץ פאַר היים —
נאָר פאַרגעס,
אַז דיין האַרץ אין שטילן גאַנג
וויים געוויי,
אַז סערפּ האָט איינגעשניטן טיף דעם זאַנג
און באַטרעט דיין טוי. —

מיט טויזנט טרעלן פּרוּווט דער נאַכטיגאַל צעזינגען זיך
אין וואלד,
נאָר דאָס ליד איז היינט אים נישט געראָטן.

# די אגדה

איבער מיין שרייב־טיש — מיין טאַטנס אומעטיקע אויגן.
זיין ניגון. זיין עול.
איבער מיין שרייב־טיש — מיין מאַמע איינגעבויגן.
איר זיסקייט. איר קול.

דער טאַטע ווייס: איך האָב נישט ליב די הלכה.
די לעגענדע — גרויס און גרין.
בעט איך זיך: טאַטע מיינער,
ראַטעווע מיר פון דין.

קומט אַריין מיין מאַמע. איר קול
ווי אין חצר די זון, ווי אַ וואַרעמע פּאַגאָדע:
זון מיינער,
נעם מיט אויף דיינע וועגן די ליכטיקע אגדה.

אומעט אויף מיין שרייב־טיש.
האַרבע הלכה בונטעוועט זיך שטאַרק.
קלייב איך אויף אַ בינטל שטערן
און אַנטלויף צום הויכן באַרג.

שלווה אויף מיין שרייב־טיש. קלאָרקייט.
אַלע גרויע שעהן אָנגעטאָן אין יום־טובדיקע קליידער.
די לעגענדע איז געקומען
פירן מיינע קינדערלעך אין יום־טובדיקן הדר.

## ווער לויפט דיר אַנטקעגן?

מיין ברודער מרדכי ז״ל

ווער לויפט דיר אַנטקעגן: די שטילקייט, דער שטורעם?,
ווער גאַלאָפּירט אויפן באַרגיקן וועג?
אַ שמייכל פון קינדער, צי אפשר יסורים,
אַ טרעגער מיט שטריק, מיט האַק און מיט זעג?

וואָס דערציילט היינט דער דונער, דער בליץ און די שטערן?
אַ נאַכט האָט פאַרבלאָנדזשעט אויף שליאַכן פון וועלט.
ווער לויפט אין די גאַסן און זינגט מיט די טרערן
דאָס ליד פון פאַרזייער אויף נאַקעטן פעלד?

פאַרגאַרטלט מיט אומעט איך וויל היינט פאַרשרייבן
מיין שווייגן, מיין שטומען, ווי טרוקענע גראָזן.
צי קענען די דיכטער מיט לידער פאַרטרייבן
אַ כמאַרע וואָס האָט דיר פאַראיינזאַמט געלאָזן?

ווער שמייכלט פון וויַיטן — ווער וויל פון מיר מאָנען
דעם חוב וואָס איך קום פאַרגאַנגענע יאָרן.
צי וויל מיר אַ שטערן אין הימל דערמאָנען
אַ חלום פון יוגנט, אַ וויזיע, זכרון?

אויף איינזאַמע וועגן, אויף הרובע ערטער,
געקומען אַנטקעגן דאָס ליכט פון דיין פּנים.
האָב איך מיט פּשוטע האַרציקע ווערטער
פאַרשריבן אַ ליד צו געדענקען — דערמאָנען.

## מיט טאָרבע. מיט שטעקן.

מיט טאָרבע. מיט שטעקן. מיט ליימענעם קריגל.
געקומען צו מיר דער געוויין פון מיין וויגל.

געקומען מיין בגרות באַזוכן. באַגריסן.
באַטאַפּן די לאַטעס פון לעבן, די ריסן.

געקומען צו זוכן אַ וואָרט פון באַגינען,
מיין פריידיקן אומעט אין טאָג צו געפינען.

מיט טאָרבע. מיט שטעקן — אַ הימל מיט שטערן,
חלומות און טויזנט ניגונים. באַגערן.

מיט ליימענעם קריגל, פאַרקוקט אין דער נידער,
אַ האַרץ און צוויי אויגן שרייבן דאָ לידער.

אַ פעלד און די שניטער שניידן די קאָרן.
אין מיטן חלף וואָס שניידט דיינע יאָרן.

מיט טאָרבע. מיט שטעקן. מיט ליימענעם קריגל.
אַוועק איז מיין וואָרט צוריק צו מיין וויגל.

וועלכער ווינט וועט מיר אַנטקעגנקומען,
וועלכער ווינט —
ווי אַ שטויבעלע אין זיין ווירבל כ׳וועל זיין,
ווי אַ שטויבעלע.

וועלכער וואָרט וועט דורכקרייצן מיין וועג,
וועלכער וואָרט —
וועלכער צייכן וועט אויף ליכטיקע הימלען
מיין וועג מיט גוטסקייט דורכבליצן
וועלכער צייכן —

וועלכער אומעט וועט מיר פאַרשוויינקען,
וועלכער אומעט —
פון וועלכן ווייַן וועלן מיינע ליפּן זשלאָקען
אַ ביסעלע שמחה,
פון וועלכן ווייַן —

וועלכער אומרו וועט מיין האַרץ פאַרקלעמען,
וועלכער אומרו —
ביי וועלכן קוואַל וועלן מיינע יאָרן קניִען
און טרינקען שלווה,
ביי וועלכן קוואַל —

איך זופּ דיין פרייד, וועלט,
פון פולן קרוג.
און מיין האַרץ וויינט אַזוי, וויינט.
וועלכער ווינט וועט מיר אַנטקעגנקומען,
וועלכער ווינט. —

די פּאַווע קלאַפּט אָן אין מיין שויב:
כ׳בין דאָ.
כ׳בין געקומען אָפּשטויבן דעם שטויב
פון אַ פאַרגאַנגענער שעה.
כ׳בין געקומען דיר זאָגן:
אינדרויסן איז אַ קאַלטער וועטער.
אויף דיין שוועל אַראָפּגעפאַלענע בלעטער.
האַרבסט.

די פּאַווע קומט אָן און זאָגט מיר אַזוי:
דיינע זכרונות ווילן ניט שטאַרבן.
דיין בלויקייט געוואָרן איז גרוי
און טונקל אַלע דיינע פאַרבן.
אינדרויסן ווינטן בלאָזן.
דער גערטנער האָט פאַרגעסן באַרעגענען די גראָזן.

די פּאַווע אין מיין צימער פליט נאָך מיינע טריט.
איר ניגון: כ׳בין דאָ. כ׳בין דאָ.
וווּ דו גייסט גיי איך מיט.
צוזאַמען טרינקען מיר זונען פון דנאָ.
אויף איציק מאַנגערס דאַך — אויסגעלאָשענע שטערן
און קולבאַקס ניגון פאַרשוווּמען אין אַ ים פון טרערן.

אויף מיין טיש אַ ליידיקע פלאַש.
ניכטער בין איך. ניט איך בין געווען דאָ דער טרינקער.
די פּאַווע ברענגט אַ גרוס מיר פון מיין מאַמעס אַש.
איך און די ליידיקע פלאַש — צוויי טרויעריקע זינגער.
מיר זינגען צוזאַמען
אַ ליד פון מיין מאַמען.

די גאָלדענע פּאַווע מיין פענצטער געעפנט. אַוועק.
אין די ווייַטן פאַרפלויגן. צוריק צום תהום.
דער זינגער זוכט ווייטער זיין וועג
צום לעבעדיקן שטראָם.
צום ל ע ב ע ד י ק ן ש ט ר אָ ם.
אַליין אין מיין צימער.
אַ גרויליקער זכרון
ליגט אין מיינע טיפן דערשטיקט. פאַרפראָרן.

## פון זעלבן מחבר:

אומרו — לידער

ווי אין גלויבן — לידער

שוועלן — לידער

שירי העצב והאור — שירים

יידישע ווערטער — לידער

אַ מזמור דעם טאָג — לידער

מסות, בשבילי ספרות יידיש — הכתר בפרס קסל של יהדות מקסיקו

## י. ח. בילעצקי בוך־קאָמיטעט

מ. גלאָצער — פּרעזידענט

מ. קעמפּער — וויצע־פּרעזידענט

י. קאָברינიעץ — סעקרעטאַר

ש. עפּעלבוים — קאַסיר

קאָמיטעט־חברים:

ב. אַדלער

י. בלעזשאָווסקי

י. בעגון

נ. פּרילוק ע"ה

I. J. BILECKI

# MIS BLANCAS PALOMAS

(POESIAS)



EDITADO POR

**COMITE DE RESIDENTES DE COBRIN**

Buenos Aires, 1962

